# דער יוד

# DER JUDE

## צייטשריפט פיר אלע יודישע אינטערעסען

ערשיינט יעדע וואך — פערלאג: חברת „אחיאסף".

קראקוי, אייר תרס"ב. — פיערטער יאהרגאנג. — Krakau, 22 Mai 1902.

נומר 21


## אינהאלט:

אין ענגלאנד איז צו אבאנירען דעם „יוד“ און „די יודישע פאמיליע“ אויך אלע אויסגאבען „אחיאסף“

ביי: R. Mazin London 59 Old Montague str. 59

**Спасительная новость для курящихъ.**

עמפפאהלען פֿון דאקטוירים.




יעדער קען רויכען אהן שאדען פֿאר'ן געזונד מיט דעם ציגארען־שפּיץ מונדשטיק־אפּאראט וועלכער רייניגט דעם טאבאק פֿון ניקאטין און אלע שעדליכע טהיילען. ווער עס רויכט מיט דעם מונדשטיק־אפּאראט בעקומט אפֿילו פֿון ביליגען טאבאק איין פֿיינעם און אנגענעהמען גערוך. פּרייז פֿון מונדשטיק אפּאראט, פֿיין געארבייט זילבער־פּלאטע אין א שענעם שעדעל מיט איין אילוסטרירטע ביילאגע צו ווייזען ווי צו בענוצען נור 1,50 רובל. פֿון ריין זילבער 84־טע פּראבע — 2 ר' מיט א פֿערגאלדעטען מאנאגראם פֿון בעשטעלער מיט 30 ק' טהייערער. פאר נאכנאהמע 10 ק'.

I. Французъ. Варшава. Королевская 49п.

# קאלישער שטיקערייען, שפּיצען

א נ' גארדינען, ווייסע אונד קאלירטע באטיסטען צו העמדען אונד בלאזען אם בעסטען אונד בעקוועמסטען נור ביי

**מ. ארקין, ווארשא, געגשא 6.**

# זייט געזונד!

זעהר ניטצליכע ביכער וועגען געזונדהייט פֿערהיטען און קראנקהייטען היילען פֿון דאקטאר

**מ. גאטטליעב.** 526

1) די ערשטע הילף ביז דער דאקטאר קומט, 2־טע פֿערבעסערטע אויפֿלאגע, פּרייז 25 קאפ

2) שווינדזוכט (סוכאטע) — פֿערהיטונג און היילונג מיט לופֿט, וואסער און גוטע נאהרונג 25 קאפּ'

3) מאגען און געדערמקראנקהייטען 40 קאפּ'

4) מענערקראנקהייטען (סעקרעטנע—וועגערישע) 40 קאפּ'

5) וואס איז געזונד און וואס איז שעדליך? אין עססען, טרינקען, וואהנונג, קליידונג, וועשע, ארבייט, רוהע שלאפֿען, רייזע א. ז. וו. 15 קאפּ'

6) נערוועגקראנקהייטען: נעראוראסטעניע, נעווראלגיע, היסטעריע, היפּאכאנדריע, מיגרען א. ז. וו. 15 קאפּ'

Книжны магазинъ и библютека **А. Цукермана,** Варшава, Налевки 7.

Verlagsbuchhandlung
**A. ZUCKERMANN**
WARSCHAU. Nalewki 7.

מען קאן דורך מיר קויפֿען אלע בעסאראבישע פּראדוקטען, היינו: קוקורוז, ווייץ, גערשטען, קארן, רעפּאג, וויין-ניס וכדומה.

מיין אדרעסע: г. Бѣльцы.
(Бесс.) Л. Розенталю.

ווער עס וויל גוטע שפּייזען עסען זאל מיין אדרעס נישט פֿערגעסען, ביי מיר איז פֿריהשטיק אבענדברויט מיטאג ען פריש און ·וט קיינער וועט זיך נישט בעקלאגען. 470

אדרעס: לעווין געגשא 18 וו.23.

## איך קען אויך

פֿערקויפֿען פּרימא דענראס פיר 3,25 א פוד טראנען פֿון 2 ביז 5 רובל א פוד, ריגאער גלאנעץ צו 7,50 א פוד אויך נור פיר באארעס געלט געגען 15 % האנדגעלט, בעוואוסטע פירמאס אהנע האנדגעלט. 515

Г. Тувъ, Варшава
Кармелитская 20.

## לבעלי בריותי לזכרון תמיד!!!

אדריסתי היא רק בת ג' מלים:
Я. Нейдичъ Варшава.
פּראספעקט ישולח חנם לכל דורש

## !! מעבלירטע ציממער!!

מוסטערהאפֿט זויבער און בעקוועם איינגעארדענט, אים פּרייזע פֿון 50, 60, 75, 90, 1.25, 1.50 ביז 2 רו"כ א טאג. באדע-ציממער (וואננעס), גאזבעלייכטונג. רעעלע בעהאנדלונג און פינקטליכע בעדיענונג. מיטטאגע פֿרישע און שמאקהאפטע פֿון 35 קאפ. און סאמאווארען א 10 קאפ.

ה. דווארעצקי, סט.־יערסקא נ' 34.
Меблированныя омнаты
Х. М. Дворецкаго, Варшава
388 Св. Георгія 34.

## 509 אהוב את המלאכה

אלע סארטען שפּיגעל - מאכען גרינדליך לערנט אויס דער 25 יעהריגער פּראקטיקאנט אין די שפּיגעלפאבריקאציאן

**Юдка Вейнблятъ**
Варшава, Слизская 22.

## וויכטיג פיר גערבער!!!

איך פערקויף נור פיר באארעס געלד דענראס, טראנען אונד ריגאער גלאנעץ צו 1.50 א פוד, טראנען פֿערשידענע פֿון 2 ביז 6 רובל א פוד. האנדגעלד 20 %, בעוואוסטע פירמאס אהנע האנדגעלד. 514

И. М. Матузонъ.
Варшава Дикая 45.

## 487 האנדעלס שולע מיט פענסיאנאט

**גאילינגען אם רהיין, באדען.**

קאנצעסיאנירט פֿאן דעם מיניסטעריום דעם גראסהערצאגטהום באדען אונד אונטער אויפזיכט דערזעלבען. ערציעהונג שטרענג רעליגיעז. — פאלשטענדיגע האנדעלסבילדונג. אונטעררוכט דער דייטשען, פֿראנצויזישען, ענגלישען, איטאליענישען אונד רוססישען שפּראכע. פראכטפאללע געזונדע לאגע. בעסטע רעפערענצען.

**דירעקטאר א. ראססמאן.**

## איין בעדייטענדען פערדיענסט

גיעבט די נייע ערעפֿנעטע פֿאבריק, יעדען דער די אגענטור פֿאן פֿערקויף זעהר נאגנבארער ארטיקעלן אגנימט, וויר איבערשיקען איינען רייך איללוסטרירטען אלבום און פּרייסקוראנט פֿיר 25 קאפּ' אין פּאסטמארקען, וועלכע ווערען אבגעצויגען פֿון דער ערשטער בעשטעלונג.

אדרעסע:
фабрика Л. Кауфмана & Ко. Бѣлостокъ.

## גע־ען מערידען און פוקלעס!

אפּאראט וועלכער היילט גרינדליך אהנע אפּעראציע פּרייז 2 ר' 50 קאפ.

**Д. МОШКОВСКІЙ,** Варшава, Мурановъ 16
съ I-го Іюля **Налевки 37.** 503

## שפּיגעל־פאבריק

**ל. אידעלזאק, ווארשא**

ביעליאנסקא נ' 1

עמפּפֿעהלט זיין גראססעס לאגער פֿאן שפּיגעל, שפּיגעל־גלאס, טרוימאס און דעטאיל אונד ענגרא. 466

## עסווערען געפֿארדערט אגענטען:

אויף זעהר גוטע בעדינגונג. נייע געעפֿנעטע **פֿאבריק** פֿון קויטשוק און מעטאל־סטעמפּלען שיקט ארויס א רייך־אילוסטרירטען קאטאלאג (ביז 120 זייטען מיט די נייעסטע ריסונקעס און נייעסטען פֿון אויסלאנד). נאר פאר דריי זיינבעגקאפּיקענע מארקען.

אדרעס:
Въ контору фабр. штемп. и кожаныхъ изд. Ш. Е. Фридманъ, Варшаа, Купеческая 6.

## איזראעליטישע רעאל אונד האנדעלסשולע נעבסט פענסיאנאט צו פפינגשטאדט ביי דארמשטאדט.

די שילער (פאן 8 ביז 15 יאהרען) ערהאלטען גרינדליכע וויסענשאפטליכע אויסבילדונג אונד רעליגיעזע ערציהונג. בעסטע רעפֿערענצען ביי הערפֿארראגענדען מאנגער דעם אין־אונד־אויסלאנדעס, זאוויע ביי פֿריהערען שילערן, די זיך אין אנגעזעהענען שטעללונגען בעפינדען.

נעהערעס דורך **דירעקטאר ד"ר בארנאס.** 505

IV. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 21

דער פרייז פיר רוססלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רובל.
האלב יאהרליך —.3 „
פיערטעל יאהרליך 1.50 „
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רובל
דען 1טען אפריל — 2 „
דע 1טען אויגוסט — 1 „
איינצעלנע נומערן 15 קאפ.— 30 העללער.
ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ
די אדרעסע פיר רוסלאנד:
Издательство
„Axiacaфъ", Варшава.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואך.
פערלאג: חברת „אחיאסף".

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך־אונגארן —.12 קראנען
האלביאהריג —.6 „
פירטעליאהריג —.3 „
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 „
אמעריקא ענגלאנד —.10 שילינג
פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.
די אדרעסע פיר עסטר.־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration Der Jude,
Krakau, Gertrudy 16.

קראקויא, אייר תרס"ב. נומער 21 Krakau, 22 Mai 1902.

מיר האבען בעשלאסען די אבטהיילונג פון „שטעדט און שטעדטליך" אין „יוד" צו פערגרעסערן און צו פערבעסערן, עס זאל ווירקליך אין איהר אבגעשפיגעלט ווערען דאס גאנצע יורישע לעבען פון דער פראווינץ.

צו דעם צוועק בעטען מיר אלע קארעספאנדענטען, וועלכע מיר דאנקען פאר די ביזהעריגע הילף, זיי זאלען אונז ווייטער אויך נישט פערלאזען, און זיי זאלען אונז געבען וואס מעהר וויכטיגע. ריכטיגע פאקטען פון יודישען לעבען, דער עיקר ס ט א ט י ס ט י ש ע ד א ט ע ן, ר ע כ ע נ ש א פ ט ע ן פ ו ן פ ע ר א י י נ ע ן, צ ד ק ה - ח ב ר ו ת ו כ ד ו מ ה — מיר זאלען קענען דאס מאטעריאל נוצליך בעארבייטען און אויף די מיטארבייטער מיט דאנק זיך צו פעררופען!

די רעדאקציאן פון „יוד".

## די רומענישע עמיגראציע.

ווי עס קומט נור דער פריהלינג, הויבט זיך אן ביי אונז די סדרה פון עמיגראציע. דעם שווערען ווינטער קומט מען נאך ווי עס איז איבער, וויסענדיג גאנץ גוט, אז אין די קאלטע וועטערן איז אונמעגליך זיך צו ריהרען פון ארט. אין פריהלינג אבער, ווען דאס פאהרען איז גרינגער, ווען מען קען אונטערגעהן הונדערטער וויארסטען צו פוס און ווען מען דארף קיין קליידער נים פאר די נאקיטע קינדער, שטעלען זיך גלייך צעהנדליגע טויזענדער יודען די פראגע: וואוהין זאל מען פאהרען? קיין גרויסע גליקען האט דער יוד אייגענטליך פון דעם אוועקפאהרען אין ווייטע לענדער אין ערגיץ נישט געפינען און דער יוד וואס קלויבט זיך איצט צו פאהרען, איז אויך גאר ניט גענארט און ווייס גאנץ גוט פון אלע צרות, וואס ווארטען אויף איהם אין וועג און דערנאך שוין ערשט רעכט אין זיין נייער היים. נאר ניט פון וואוילקייט פאהרט דער יוד, ניט קיין גליקען זוכט ער אין די ווייטע מדינות. די שווערע נויט בריינגט איהם צו וואנדערען. דער הונגער טרייבט איהם ארויס פון זיין אלטער היים און יאגט איהם אהין און אהער, פון איין לאנד אין דאס אנדערע, וואו ער קען נור געפינען איין אברוה פאר זיין אויסגעמאטערטע נשמה און ארבייט פאר זיינע אויסגעשטרעקטע הענד. אזא עמיגראציע ציהט זיך שוין ביי אונז צוויי צעהנדליג יאהר, און מיט איהר האט מען זיך שוין איינגעוועהנט ווי צו א שטענדיגער קראנקהייט. דאס אומגליק איז נאך ניט אזוי גרויס דורך דעם, וואס די יודען דארפען אוועקלאזען זייערע אנגעזעסענע ערטער, וואס זיי ווערען ארויסגעריסען פון דער בעקאנטער סביבה און ווערען פערווארפען ווייט אין א גאנץ אנדער וועלט, צווישען פרעמדע מענשען מיט א פרעמדער שפראך און פרעמדע תנאים פון לעבען. נאר דאס אומגליק איז, וואס די עמיגראציע איז ניט געארדנעט, וואס זי ווערט געפיהרט אהן א שום פלאן. דערום ווערט פון יעדעם איינצעלנעם מענשען אומזיסט פערנוצט פיעל געלר און קראפט. אבער נאך ערגער איז אזא עמיגראציע פאר אונז אלס נאציאן. גרויסע טהיילען פון אונזער פאלק ווערען ווי מיט געוואלט פון אונז אבגעריסען, פערשליידערט און צושפרייט איבער פערשידענע לענדער, וואו דאס נאציאנאלע יודישע לעבען קען זיך שוין ממילא ניט האלטען. און אזוי ווערט דורך דעם די קראפט פון אונזער פאלק אליץ שוואכער און שוואכער.

די נויטהיגקייט צו ארדנען די עמיגראציע ווערט ביי אונז פון יעדען טאג אליץ גרעסער, ווייל פון צייט צו צייט מוז זי זיך ביי אונז אליץ ווידער דורכברעכען אין א גרויסען שטראם. אין די לענדער, וואו עס וואהנען די יודען אין גרויסע מאסען, וואו זייער לאגע איז פון תמיד אן געדריקט, איז גענוג יערע ערגערע פערענדערונג אין לעבען, אז הונדערטער טויזענדער זאלען זיך דארפען נעהמען צום וואנדערשטעקען אין האנד און געהן זיך זובען א נייעס לאנד. אזוי איז עס

געוועזען פֿאַר עטליכע יאָהר צוריק מיט די יודען פֿון רוסלאַנד, ווען עס איז געוועזען די גרויסע עמיגראַציע קיין אמעריקא, און אזוי איז עס איצט מיט די יודען פֿון רומעניען. די יודישע לאגע ווערט אין רומעניען מיט יעדען טאָג אַלץ ערגער און אונזיכערער. קיין יוד איז ניט פֿערזאָרגט מיט דעם מאָרגענדיגען טאָג. דאָס נייע האַנדווערקערגעזעץ הייננגט ווי אַ שווערד איבער די יודישע קעפּ. אַ שרעק איז אַנגעפֿאַלען אויף די יודען אין רומעניען, און צעהנדליגע טויזענדער גרייטען זיך צום וועג. אנטלויפֿען, אנטלויפֿען פֿון רומעניען, דאָס זענען די געשרייען וועלכע הערען זיך פֿון אַלע זייטען. אָבער וואוהין לויפֿט מען? און דאָ שטעלט זיך פֿאַר דעם רומענישען יודען די טרויעריגע פֿראַגע, אויף וועלכע קיינער קען איהם קיין ענטפֿער ניט געבען.

אומגליקליך זענען געווים געוועזען די רוסישע יודען, ווען זיי האָבען זיך מיט עטליכע יאָהר צוריק אַ לאָז געטהון מיט האק און פּאַק אין וועג קיין אמעריקא. דער גאַנצער וועג פֿון די ווייטע יודישע שטעדט און שטעדטליך ביז אמעריקא איז פֿול געוועזען מיט שווידערליכע קרעכצען. אָבער די רוסישע יודען האָבען דעמאָלט לכל הפּחות געפֿונען אומעטום אַ פֿריינדליכע אויפֿנאַהמע. אומעטום אין אַלע גרויסע שטעדט זענען געוועזען קאָמיטעטען אויף צו העלפֿען די עמיגראַנטען. מיט רחמנות האָבען געקוקט אויף זיי די קריסטען, און זיי האָבען זיי ניט זעלטען געטרייסט מיט אַ פֿריינדליכען וואָרט אָדער אויך געהאָלפֿען מיט געלד. די טויערען פֿון ענגלאַנד און אמעריקא זענען דעמאָלט געוועזען ברייט אויפֿגעעפֿענט פֿאַר אַלע יודען, וואָס האָבען נור געזוכט אַ היים.

אָבער אַנדערע ערנערע צייטען זענען איבער אונז געקומען. די שנאה צו אונז איז אומעטום אין דער גאַנצער וועלט שטאַרקער געוואָרען, פֿריינדליכע ווערטער פֿון אונזערע קריסטליכע שכנים הערען מיר איצט אַלץ זעלטענער. ענגלאַנד און אַמעריקא ווילען מעהר קיין יודישע עמיגראַנטען ניט אויפֿנעהמען און קלערען אויס פֿאַר זיי אַלץ נייע שוועריקייטען. צי טהוען דאָס ענגלאַנד און אמעריקא דוקא פֿון שנאה נעגען יודען, ווי איינינע מיינען, אָדער צי זיי זענען געגען יעדע ווייטערדיגע עמיגראַציע בכלל, ווי אנדערע מיינען, — דאָס בלייבט זיך גאַנץ גלייך פֿאַר די יודען, וואָס זוכען אַ נייע היים. אויך אונזערע רייכע פֿעטערס פֿון מערב זענען קעלטער געוואָרען צו זייערע אָרימע קרובים פֿון מזרח. צו אָפֿט ווערען זיי שוין געשטערט פֿון זייערע שפּל׳דיגע קרובים. די קרבות׳שאַפֿט הויבט זיי שוין אָן צו שטעכען אין די אויגען. זיי אַליין, אונזערע פֿעטערס, ווילען זיך וואָס ווייטער אָברוקען אָן אַ זייט, מען זאָל זייער יודישקייט ניט דערקענען, זיי זענען שוין צופֿרידען, ווען מען ריהרט זיי ניט און ווען מען רעדט פֿון זיי ניט — און דאָ גאָר קומען צו זיי נאָך אַנאַנד אָרימע געפֿאַלענע קרובים, אַלץ נייע און נייע.

אַזוי זענען איצט די רומענישע יודען אָהן הילף און אָהן שטיצע, פֿון די יודען אין מערב, וועלכע עס האָבען געהאַט אַמאָל די רוסישע יודען, און אָהן דעם פֿרייען, אָפֿענעם וועג, וועלכער עס איז געוועזען אומעטום פֿאַר די עמיגראַנטען פֿון רוסלאַנד.

די רומענישע רעגירונג סטאַרעט זיך דערווייל איינצוהאַלטען די יודען ביי זיך אין לאַנד. רומעניען האָט מורא, אַז דורך די יודישע רדיפות וועט זי אָנרייצען געגען זיך אייראָפּא, און אַז עס וועט זיך איהר דורך דעם ניט איינגעבען צו מאַכען אַ הלואה, וועלכע עס איז

# פֿעלעטאָן.

## די חַשְׁמוֹנָאִים.

(פֿאָרטזעטצונג).

אונזערע רְשָׁעִים, די העלעניסטען, האָבען נאָך מעהר אָנגערייצט אויף אונזערע אונגליקליכע פֿרומע יודען. זיי האָבען אַליין אָנגעוויזען, וועלכע פֿון זיי זאָל מען חאַפּען און פּייניגען און נויטהען זיך צו בוקען פֿאַר דער עֲבוֹדָה זָרָה. אין אַלע שטעדט איז געוועזען יאָמער און קלאָג, אונזערע פֿרומע האָבען ליעבער אַריבערגעטראַגען אַלע יסורים און מיתות משונות און געבליבען טריי און פֿעסט ביי זייער אֱמוּנָה. מעהר ווי אומעטום אָבער איז געוועזען גרויס דער יאָמער אין די גאַסען פֿון ירושלים, דאָרטען זענען די מסירות געוועזען זעהר גרויס, און יעדען טאָג זענען פֿיעלע אומגעקומען אויף קידוש־הַשֵּׁם.

איך האָב קוים ערלעבט דעם טאָג פֿון דעם אוועקפֿאָהרען, מיינע אויגען זאָלען שוין די צרות ניט זעהען. און ווייל עס איז געוועזען אַ סַכָּנָה זיך צו ווייזען אויף דער גאַס, די שוֹנְאִים זאָלען זיך אָן אונז ניט דערמאָנען, בין איך אויפֿגעשטאַנען גאַנץ פֿריה, און בין אַליין אַרויס פֿון מיין וואָהנונג אין ציון אויף דער דוד־גאַס, און האָב זיך געדרעהט דורך קליינע געסליך ביז איך בין געקומען אין טהאָל־גאַס זיך צו געזעגענען מיט אונזער אַלטען ווידען אלעזר בֶּן חַרְסוֹם, וועלכער האָט דאָרט געוואָהנט. ווי איך בין נאָר נאָהענט פֿון דאָרט געקומען, זעה איך פֿאַר מיר איין גרויס צוזאַמענגעלויף פֿון פֿיעל מענשען, און אַ קאָמפּאַניע בעוואָפֿנעטע סאָלדאַטען פֿיהרען אַ גרייז־גרויען מאַן, וועלכער קען קוים שלעפּען די פֿיס, און וועלכען צוויי פֿון זיי פֿיהרען פּאַמעליך אונטער די הענד. איך קום נעהנטער, איך זעה מיין אַלטען ווידען — עס ווערט מיר פֿינסטער אין די אויגען, עס פֿערגעהט מיר מיין האַרץ. וואוהין פֿיהרט מען איהם? און וואָס וויל מען פֿון דעם גרייז־גרייען מענשען? איך מיש מיך אַריין צווישען דעם עולם און געה מיט. מיר קומען אויף דעם פּלאַטץ פֿאַר דער פֿעסטונג „בִּירָה", וואו עס איז די וואָהנונג פֿון דעם סירישען קאָמענדאַנטען. פֿון דאָרט איז אַרויס אויף דעם פּלאַטץ פֿיליפּוס מיט זיין סוויטע, צו בעגעגנען דעם אַלטען. דער אָנבליק פֿון דעם שניי־ווייסען אַלטען מאַן, האָט דעם טיראַן גערירהרט, ער הויבט אָן מיט איהם צו רעדען מיט גוטען, ער פֿערלאַנגט פֿון איהם אַ קלייניגקייט: ער זאָל אויפֿעסען איין שטיקל חזיר פֿאַר אַלעמען אין די אויגען. דער קעניג פֿערלאַנגט עס, דאַן וועט ער גלייך בעפֿרייט ווערען און קענען רוהיג געהן צוריק צו זיך אַהיים. „ניין! — ענטפֿערט דער אַלטער — די עבירה וועל איך מיינע אַלטע יאָהרען אויף זיך ניט נעהמען, איך וועל צוליעב דעם קעניג מיין גאָט ניט בעליידיגען. מאַכט מיט מיר וואָס איהר ווילט, דאָס טהו איך נישט!" דער קאָמענדאַנט הערט אָבער ניט אויף, איהם איינצורעדען, מיט גוטען און ענדליך זאָגט ער איהם עפּיס אין דער שטיל, רוימט איהם איין אַ סוֹד אין אויער, און בעט איהם, ער זאָל פֿאָלגען זיין עצה. דער אַלטער צדיק אָבער ענטפֿערט מיט אַ הויכער שטימע: דו ווילסט מיך איינרעדען, איך זאָל אויפֿעסען אַ שטיקל כָּשר׳ע פֿלייש, נאָר אַנדערע זאָלען מיינען דאָס עס איז חזיר פֿלייש וועסטו דערמיט צופֿריעדען זיין. איך אָבער קען דיר ניט פֿאָלגען, דען דערמיט וועל איך אַנדערע ברענגען צו אַ גרויסער זינד. ווי באַלד זיי וועלען מיינען, דאָס איך עס טְרֵפוֹת, וועלען זיי זיך דאָך אַראָבנעהמען אַ שלעכט ביישפּיעל און מיינען ווען דער אַלטער נייִנציג־יעהריגער אלעזר עסט טריפות, צו וואָס זאָלען מיר זיין גרעסערע צדיקים פֿאַר איהם, און ליידען פֿאַר די אמונה? הער אויף מיך איינצורעדען, ווייל דו וועסט עס ביי מיר ניט פּועל׳ן". דאָ איז פֿיליפּוס בייז געוואָרען, און האָט געהייסען די סאָלדאַטען, זיי זאָלען דעם אַלטען פּייניגען און יסורים אָנטהון. די סאָלדאַטען האָבען איהם אונבַּרַחמנות׳דיג געשלאָגען מיט די קולאַקעס אין געזיכט, זיי האָבען איהם געפּאַטשט, די ווייסע האָר פֿון באָרד הויפֿענווייז אויסגעריסען, נאָר דער אַלטער האָט אַלעס געדולדעט כל־זְמַן זיינע כּוחות האָבען עס פֿערטראָגען. ענדליך אַז ער האָט דערפֿיהלט, דאָס זיין לעבען ענדיגט זיך שוין, האָט ער מיט זיינע לעטצטע

איהר איצט אזוי נויטהינג. דערפֿאר סטארעט זיך איצט די רעגירונג איינצורוהיגען די יודען, אז דאס נייע געזעץ וועט ניט חל זיין אויף זיי. נאר אויף רומענישע הבטחות קען מען ניט פֿיעל בויען. דאס איצטיגע האנדווערקערגעזעץ שטעלט אין סכנות דעם גרעסטען טהייל רומענישע יודען. דאס האנדווערק איז כמעט די איינציגע יודישע פרנסה אין רומעניען. נאך דעם איצטיגען געזעץ טארען פֿרעמדע זיך ניט פֿערנעהמען מיט מלאכות, וואו זיי זאלען ניט צושטעלען קיין בעוויז, אז ביי זיי אין לאנד מעגען רומענער זיך אויך פֿערנעהמען מיט מלאכות. די רומענישע יודען זענען אבער ניט קיין אונטערטהאנען פֿון אנדערע מלוכות, און דאך ווערען זיי פֿון די רומענישע געזעצען תמיד געהאלטען פֿאר פֿרעמדע. אזוי קען מען, זיך שטיצענדיג אויף דאס איצטיגע געזעץ, אין יעדער רגע צונעהמען פֿון דעם יודען זיין שטיקיל ברויט, וואס ער האט דורך זיין עהרליכע ארבייט. דער איצטיגער מיניסטער וועט היינט די יודען ניט שטערען אין זייער האנדווערק. ווער קען אבער גאראנטירען, אז דאס געזעץ וועט מארגען ניט אויסגעלעגט ווערען אנדערש? אויסצורעדען אין געזעץ, אז בנוגע צום האנדווערק האט דאס ווארט „פֿרעמדע" איין אנדער טייטש ווי אין אלע אנדערע רומענישע געזעצען, וויל די רעגירונג ניט. און דערום קענען די רומענישע יודען פֿון די הבטחות, וואס עס האט זיי נעגעבען דער רומענישער מיניסטער און דער קעניג קארל, נאך ניט בערוהיגט ווערען.

אונזער לאגע אין רומעניען ווייזט אונז נאך א מאל, ווי שוואך עס איז דער גרונט, אויף וועלכען מיר שטעהען אומעטום אין אייראפא. ווען די יודישע עמיגראציע וועט נאך אפשר איצט ווי עס איז אבגעהאלטען ווערען, וועט זי מוזען אויסברעכען שפעטער. וואס זאל אבער ווערען מיט די וואנדערנדע יודען און וואוהין זאלען זיי פֿאהרען? די לאגע פֿון רומעניען דארף זיך דאס גאנצע יודישע פֿאלק נעהמען צו הארצען, און אין די עטוואס רוהיגערע צייטען שטענדיג טהון, וואס איז נור מעגליך, פֿארצובערייטען איין ארט, וואו דער יוד זאל זיך קענען ענדליך אויסרוהען פֿון זיין שטענדיגען נע ונד זיין. ווי גליקליך מיר וואלטען געוועזען, ווען מיר וואלטען געקאנט זאגען צו די רומענישע יודען: טרייסעלט אב פֿון אייערע פֿיס דעם שטויב פֿון רומענישער ערד. קומט צו אונז, אין אונזער אלטעם לאנד. דארט וועט איהר לעבען צוזאמען מיט אייערע ברידער! דארט וועט איהר געפֿינען רוה און ארבייט!

ווען וועט קומען אזא גליקליכע צייט?

י. ל.

---

## אויף די חורבות.

אזוי רופֿט זיך איין ארטיקעל, וועלכער איז געדרוקט אין דער רוסישער צייטונג „ביהז. וויעדאמאסט", וועלכען מיר ערלויבען זיך איבערצוגעבען דא אין יודישען ווארט אין ווארט.

געוועזען באברויסק — נישטא מעהר באברויסק!

אויף דעם גרויסען, ברייטען פלאץ פֿון דער געוועזענער שטאדט זענען נישט מעהר געבליבען, ווי די נאך ניט אבגעקיהלטע בערגליך אש, ארומגעברענטע באלקען, און הויפֿען פֿערריכערטע ציגעל פֿון איינגעפֿאלענע קוימענס. ערגיץ וואו רייכערן זיך געבליבענע גלאוועשקעס. אונגעטרעגליכער שטיקענדער טשאד עסט אויס די אויגען און

---

קרעפּטען אויסגעשריען: „שמע ישראל, ה' אלהינו, ה' אחד!" און מיט דעם אויסרוף איז איהם ארויס די נשמה, און ער איז געפֿאלען א טויטער אויף דר'ערד.

ווי מיר איז צו מוטה געוועזען, קען זיך יעדער לייכט פֿארשטעלען. די גאנצע צייט האט עס אין מיר געברענט ווי א פֿייער, אין מיין כעס האב איך געוואלט זיך ווארפֿען אויף דעם געצענדינערישען טיראן און איהם אויף שטיקער צורייסען, אבער מיין שכל האט מיך אבגעהאלטען, ווייל ער האט מיר געזאגט, אז איך וועל נור זיך דעם טויט ברענגען און גאר נישט אויספֿיהרען. דערווייל דערמאן איך מיך אין מיין'טהייערע פֿרוי און איך ווער אויפֿגעציטערט. איך האב מיט איהר אבגערעדט באלד צו קומען צוריק און צוזאמען אריינגעהען זיך געזעגנען מיט איהר מוטער און איהרע ברידער. לסוף האב איך זיך אזוי לאנג פֿערזאמט, עס איז שוין האלבער טאג און איך בין נאך ניט צוריק געקומען, און זי וויים געווים ניט וואס איבערצוטראכטען. ווי אויף פֿליגלען האב איך געוואלט צוריקפֿליהען אהיים, אבער איך האב מיך געמוזט איינהאלטען און געהן לאנגזאם, מען זאל מיך ווענינער בעמערקען. יעדע מינוט איז מיר געווען ווי א יאהר לאנג, און איך בין מיר נעגאנגען טריט ביי טריט, ביז איך בין אנגעקומען אין דער דוד־גאס. דארט איז עפּיס ווידער א גרויס צוזאמענגעלויף. אך, ביי מיין הויז! דא האב איך זיך שוין ניט געקענט בעהערשען, און אין איין אימפעט האב איך זיך דורכגעשטויסען דורך דעם עולם און געעפֿענט די טהיר פֿון מיין שטוב...

אין פֿארדערצימער שטעהט א צעהנדליג בעוואפֿנעטע סאלדאטען, פֿון זאל הערט זיך די וויינענדע שטימע פֿון מיין ליעבער פֿרוי, און א לאכענדע שטימע פֿון א מאנספערזאן ענטפֿערט איהר אויף לשון־קדש די דאזיגע שרעקליכע ווערטער:

„דאס איז די איינציגע עצה, ווען דו ווילסט זיך און דיין איינציג קינד ראטעווען, איהר זאלט ביידע ניט פֿערקויפֿט ווערען פֿאר קנעכט אין דער פֿרעמד. ווען אבער דו וועסט מיר ניט פֿאלגען, וועט דיר א בייזער סוף אויסגעהען. איך וועל בעפֿעהלען, אז דו זאלסט פֿערקויפֿט ווערען צווישען די גוים אין איין מדינה און דיין קינד אין איין אנדערע מדינה, און דו וועסט איהם שוין קיין מאל ניט זעהן.

נאר ניט פֿיעל געטראכט חאפּ איך ארויס א שווערד ביים סאלדאט, וואס שטעהט נעהנטער צו מיר, און לויף אין זאל, אבער די סאלדאטען פֿארשטעלען מיר דעם וועג, האפּען מיך, רייסען ביי מיר דאס שווערד ארויס און האלטען מיך פֿעסט, ביי דעם טומעל נעהט ארויס דער מענש, וואס האט די שרעקליכע רייד גערעדט. איך זעה — דאס איז מענעלעאוס דער פושע ישראל! איך סקריטשע מיט די צייהן פֿון גרויס כעס, און ברעך אויס אין א געוויין, וואס איך בין צו שוואך אום איהם צו בעשטראפֿען. ער אבער לאכט מיר אין פנים אריין און זאגט:

„הא, עס בייסט דיר! דו ביסט אויף מיר בייז? זעה אבער, איך בין געלאסען, און אדרבא, איך וויל דיר גוטעס טהון. עס איז מיר נאר לייכט, דיך צו טוידטען, אבער איך וויל עס ניט. דיין לעבען איז מיר גראד טהייער, דען דו ביסט א געזונדער יונג און אזא קנעכט דארף איך טאקי זעהר האבען. מיר וועט זעהר ליעב זיין פֿון דיר בעדיענט צו ווערען, ווען איך וועל מיך שפּיעלען מיט מיין פֿרוי שושנה — דען איצט איז זי שוין קיין אנדערנס פֿרוי, נאר מיינע!"

מיינע אויגען זענען מיט בלוט פֿערלאפֿען געווארען, פֿאר שרעקליכען גרים האט עס מיר אין האלז געשטיקט, איך האב ניט געקענט קיין ווארט ארויסרעדען. ער אבער האט זיך ווייטער גערעדט, און יעדעס ווארט איז מיר געווען ווי א שפּיז אין הארצען.

„נאך אלס מיידיל איז שושנה מיר געפֿעלען געוועזען, און איך האב זי זעהר געוואלט האבען, אבער זי איז דאמאלס נאריש געווען, און האט גלייכער דיך אויסגעקליבען אנשטאט מיך. איצט וועט זי שוין זיין קליגער און פֿערשטעהן, אז עס איז גלייכער צו ווערען מיין פֿרוי איידער דיינע. דען די יודישע רעליגיאן איז גאנץ אבגעשאפֿט, ביי אונז זענען ניטא די דינים פֿון איין אשת איש. איהר פֿריהערדיגע חתונה איז בטל ומבוטל, זי איז איצט פֿריי. געהערען צו אזא מאן ווי איך וועט פֿאר איהר זיין די גרעסטע עהרע, פֿיר איהר קינד וועט אויך פֿיעל בעסער זיין צו האבען אזא ערציהער

פֿערקלויבט זיך אין די לונגען אַריין. אומעטום הערט זיך איין געוויין, זיפֿצען און אָכצען פֿון די אונגליקליכע נשרפֿים:

אָרימע זענען זיי, הונגריגע אָרימע!

פֿיעל האָבען זיך גערעטעט בוכשטעבליך אין איין העמד, אַלץ איז פֿערברענט געוואָרען, נישטאָ וואָס אָנצוטהון, נישטאָ וואו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרען, נישטאָ וואָס צו עסען.

אַ, דאָס איז נאָך גאָר נישט! אַ דערוואַקסענער מענש קאָן געדולדיג זיין, קאָן ליידען, קאָן וואַרטען.

נאָר זעהן, ווי איינגענע קינדער נאַקעטע, ציטערנדע פֿאַר קעלט' וואַלגערן זיך אויף הוילער ערד; קוקען אין זייער אונשולדיגע קינדער־אייגליך, וועלכע בעטען ברויט, נישט מעהר ווי ברויט; זעהן אַ אייגען ווייב און אייגענע טעכטער, וואַרעמענדיג מיט זייער הויך זייערע פּיצליך קינדער, זייגענדיג זיי מיט פֿערשמאַכטער טרוקענער ברוסט — וועמענס האַרץ וועט זיך מיט בלוט און טהרערען ניט בעגיסען, וועמענס ברוסט וועט פֿון געיאָמער זיך ניט צורייסען?..

באָברויסק, דאָס איז אַ טיפּ פֿון נאָך פֿיעל צעהנדליגער אַזעלכע שטעדט פֿון דער „טשערטאַ" אין ליטא.

צוויי דריי קירכען, בעהערדען, ערגעץ איין אַלטער קאַטאָלישער בנין. אַ צעהנדליג שוהלען און בתי מדרשים, מאַגאַזינען קראָמען און הונדערטער קרעמליך.

ניט ווילענדיג פֿרעגט זיך: צו וואָס אַזוי פֿיעל קראָמען, אַזוי פֿיעל קרעמליך? ווער קויפֿט אין זיי און ווער געברויכט עס אַלץ, וואָס עס געפֿינט זיך אין זיי?

„אַ שטאָדט פֿון אָרימע לייט," אַזוי רופֿט מען באָברויסק. פֿון פֿריהען מאָרגען ביז שפּעט אין דער נאַכט איז אַ געשריי, אַ לאַרעם און גערויש. עפּיס איילען אַלע, לויפֿען אַלע ערגעץ; מען קריגט זיך, מען דינגט זיך פֿאַר יעדע קאָפּיקע, עס זוכען זיך אויס אַלערליי מסחרים, עס פֿערלירט זיך, דאַכט זיך די מענשען־עהרע, מען בעליידיגט, מען דערנידריגט, מען חנפֿעט, מען שווערט און מען שילט און אַלץ צוליעב די עלענדע פֿינפֿציג קאָפּעקעס ריוח, צוליעב די אָרימע עטליכע גראָשען אויף אַ שטיקיל ברויט, אויף היינט, פֿאַר זיך און פֿאַר די פֿאַמיליע.

געהט אַריין אין אַ קרעמיל, פֿערקויפֿט מען אייך פֿאַר אַ האַלבע קאָפּיקע זאַלץ און פֿאַר אַ גאַנצע קאָפּיקע נאַפֿט. מיט הכנעה און מיט כבוד בעגלייט מען אייך ביז זער טהיר און מען דאַנקט אייך, וואָס איהר „אונטערשטיצט דעם מסחר"... צעהן קרעמליך גיבען זיך מיה אָבצושלאָגען איינער דעם אַנדערען אַזאַ קונה.

געהט איהר אין גאַס, כאַטען אייך אָן די איזוואָשטשיקעס, איינער נאָך דעם אַנדערען, זיך דורכצופֿאָהרען שפּאַצירען פֿאַר 5 קאָפּיקעס, פֿון איין עק שטאָדט ביז דעם אַנדערען.

קליידער, שטיוועל וועט מען דאָ אויפֿנעהען — און רעכט געוויסענהאַפֿט — פֿיער פֿינף מאָל ביליגער ווי ערגיץ אין די גרויסע שטעדט. פֿאַר 20 קאָפּיקעס וועט מען אייך אַ גאַנצען טאָג איבערשרייבען ריין און שען אויב איהר האָט נור פּאַפּיערען איבערצושרייבען. פֿאַר גאַנץ קליין געלד קאָנט איהר זיך קויפֿען אַ זייגער מיט נאָך ערגיץ אַ צולאַג אַ פּרעמיע צו דעם. פֿאַר 25 קאָפּיקעס קאָנט איהר בעקומען אַ הונדערט וויזיטקאַ־טען און צו דעם בעקומט מען אויך אַ פּרעמיע.

ווי איך, וואָס וועט איהם מאַכען פֿאַר אַ וועלטליכען מענשען, און ניט פֿאַר אַזאַ נאַרישע בהמה ווי זיין פֿאַנאַטישער פֿאַטער.

פּלוצים איז געוואָרען אַ נייער טומעל, אַ נייע פּאַרטהיי סאָלדאַטען זענען אַריין אין הויז, נעפֿיהרט פֿון קליסטענעס און פֿרינען. ווי פֿרינע דערהערט מענעלאוס'עס לעצטע ווערטער, שרייט זי אויס מיט כעס:

„אַרויס פֿון דאַנען, דו נאַרישער קאָפּ! די דאָזיגע מענשען געהערען אונז און ניט קיין אַנדערן, דאָס האָבען מיר אויסגעווירקט ביי אונזער הויפּטגענעראַל, אַפּאָלאָניוס, כדי איך זאָל קענען נקמה נעהמען פֿון מיינע פֿערהאַסטע פֿיינד!"

מענעלאוס אָבער האָט ניט געוואָלט זיין רויב אָבלאָזען, און האָט אָנגעהויבען מיט איהר צו מאַכען טענות. נאָר קליעסטענעס האָט אַרויסגעצויגען זיין שווערד, און מיט אַ בעפֿעהלענדער שטימע אַלס קאָמאַנדיר האָט ער אויסגערופֿען צו מענעלאוס וואַכע:

„גלייך שטעהען!"

די סאָלדאַטען האָבען זיך גלייך געשטעלט אין אָרדנונג.

„לינקס אום!"

די סאָלדאַטען האָבען זיך אומגעקעהרט מיט'ן פּנים צום טהיר.

„מאַרש, אין קאַזאַרמע!"

און די סאָלדאַטען זענען גלייך אַרויס און אין אָרדנונג אַוועקגעגאַנגען.

מענעלאוס איז אַליין געבליבען שטעהן, רויט פֿאַר שאַנד און שטום פֿאַר צאָרן.

די וואַכע האָט זיך געביטען, איך בין אָבער דערזעלבער געפֿאַנגענער ווי פֿריהער. איך זעה, מיין טהייערע שושנה געהט אַרויס פֿון זאַל אין פֿאָדערצימער, ציטערנדיג מיט אַלע גליעדער, דאָס געזיכט בלאַס ווי שניי, די אויגען אויסגעגלאָטצט פֿאַר שרעק, אין די פֿאַלטען פֿון איהר קלייד טוליעט זיך דאָס פֿינפֿיעהריגע קינד. דו מיין טהייערער זאָהן, פֿון שרעק פֿאַר די סאָלדאַטען. קוים האָט מיך מיין שושנה דערזעהען, הויבט זי אויף די הענד און וויל זיך מיר וואַרפֿען אויפֿ'ן האַלז. די סאָלדאַטען אָבער שטויסען איהר אָב גראָב צוריק. פֿרינע האָט זיך אין מיך זעהר ערנסט אָנגעקוקט, דאַן ווענדעט זי זיך ווידער צו מענעלאוס און זאָגט צו איהם אין אונזער לשון:

„אַרויס פֿון דאַנען, דו נידערטרעכטיגער מענש! איך האָב דאָך שוין געזאָגט, אַז אַט די מענשען זענען איבערגעגעבען געוואָרען צו אונז אין די הענד. די פֿרוי וועל איך מיר נעהמען פֿאַר אַ שקלאַווין, זי וועט בעדיענען מיך און אויך איהר געוועזענעם מאַן, ווען ער וועט שכל האָבען און מיר פֿאָלגען...

אַזוי רעדענדיג ווינקט זי צו מיר מיט אַ פֿריינדליכען שמייכעל.

איך און שושנה שטעהען ציטערנדיג און שטום פֿאַר שרעק.

ווי קליסטענעס האָט דערהערט, אַז פֿרינע רעדט מיט מענעלאוס'ען אין אונזער שפּראַך, האָט ער אויסגערופֿען מיט פֿערדרוס צו זיי ביידען:

„ווי ערלויבט איהר אייך צו רעדען אויף יודיש? איהר ווייסט דאָך, דאָס דער קעניג האָט עס שטרענג פֿערבאָטען!"

„מיר ווייסען, דאָס עס איז שטרענג פֿערבאָטען פֿאַר די פֿערהאַסטע יודען — ענטפֿערט איהם פֿרינע אויף גריעכיש — אָבער ניט פֿאַר אונז, ווען מיר קומען צו זיי אין קעניגס נאָמען".

דערויף זאָגט מענעלאוס אויך אויף גריכיש:

„פֿרינע ווייס, דאָס איהרע ווערטער דאָ וועלען אייך ניט אַזוי אָנגענעהם זיין, ווען איהר זאָלט זי פֿערשטעהען — דען זי ליעבט אונזער געפֿאַנגענעם און וויל איהם צונעהמען ביי זיך".

אַזוי רעדענדיג ווייזט מענעלאוס אויף מיך.

קליסטענעס ווערט דערציטערט פֿאַר צאָרן, ער ווענדעט זיך צו אונז און פֿרעגט:

„זאָגט היעזער יוד דעם אמת?"

פֿרינע איז רויט געוואָרען ווי פֿייער און האָט גאָר ניט געענטפֿערט. איך אָבער מאַך מיר מוטה און ענטפֿער אויף גריעכיש:

מענשליכע מיה, שווערע, מיט שווייס און בלוט דורכגעווייקטע ארבייט איז דא אזוי ביליג, איז דורך די שטארקע קאנקורענץ אזוי וואהלוועל געווארען, אז א האנדווערקער, וואס פערדינט זיינע פיער רובעל א וואך, רעכענט זיך דא פאר א גליקליכען.

פרויען־ארבייט שעטצט זיך פון 8 ביז 20 קאפיקעס א טאג. זעלבסט פאר דעם דאקטאר איז 20 קאפ. א מקח פאר א וויזיט ביי א קראנקען.

„מען דארף האנדלען!" הערט איהר פון יעדערען, מיט וועלכען איהר רעדט. מען מוז האנדלען, אז ניט חאטש לעג זיך און שטארב.

און מען האנדעלט, מען קעמפפט מיט דער נויט, מיט דער גרענצענלאזע אונערבארמליכער נייט, טאג פאר טאג, יאהר פאר יאהר. מען ווערגט איינער דעם אנדערען, מען פאלט אליין און מען שלעפט נאך אנדערע מיט, און אזוי איז דאס גאנצע לעבען, אהן ערגיץ א שיין פון בעסערים אין דער צוקונפט, אהן א שום האפנונג אויף אויסרוהען די מידע געפייניגטע זעעלע אין זיך. און אין דערהיים איז דא א פאמיליע, וועלכע וויל עסען, וויל לעבען!

„א שטאדט פון ארימע לייט"— שמאלע קויטיגע געסליך, זעלטען וואו ברוקירט. ענג צוגעדריקט איינס צום אנדערן שטעהען די הייזער און הייזליך, גלייך ווי לכתחלה אויסגעבויט פערברענט צו ווערען אלע מיט איינמאל. דאס איז פולווער, וואס ווארט נור אויף דעם פונק, חאטש א פונק פון א לאקאמאטיוו — עס זאל זיך אנצינדען און אין איין מאמענט צופלאקערען זיך, איינשלינגען אליץ, עס זאל קיין שריד ופליט ניט בלייבען.

שמאלע הילצערנע טרעפליך פיהרען צו די ברעקליך וואהנונגען אין יעדער וואהנונג זענען איינינע קליינע צימערליך, כמעט יעדעס צימעריל האט אין זיך א פאר פאמיליען, מען וואהנט מיט א גאנצער פאמיליע אין איין צימער, אין א האלבען צימער און ניט זעלטען אויך נישט מעהר ווי אין א פערטיל צימער, און קינדעו'ליך — אים א גאנצער!—

קומט איהר ביי נאכט אריין אין אזא וואהנונג, קאנט איהר א טריט ניט שטעלען, ניט ארויפטרעטענדיג אויף ערגיץ א שלאפענדעס.

און אט האט דאס גוואלדיגע פייערינע אונגעהויער אליץ ארומגעחאפט און איינגעשלונגען.

ווי א ווייטהענדער שטורם, ווי א צורייצטע חיה שלינגט עס איין גאנצע קווארטאלען, פערוואנדעלט אין אש און אין שטויב, אליץ וואס שטעהט איהם אין וועג. אין איין שעה צייט, ווערען פערברענט הונדערטער הייזער, צעהנדליגער גאסען מיט אלע געביירען, מיט אליץ וואס איז אנגעזאמעלט געוועזען אין זיי פון די ארימע איינוואהנער דורך מיה און אבשפארען פון לאנגע יאהרען.—

אונמעגליך גאר קלערען וועגען ראטעווען דאס פערמעגען אדער, זאכען, מען איילט זיך דאס לעבען צו ראטעווען, צו אנטלויפען פון דעם פייער, וואס שוינט גאר נישט און קיינעם נישט.

אליץ פערפאלען, אליץ פערברענט געווארען, אליץ נעענדיגט!

וואס טהוט מען, וואס טהוט מען? שעפטשען אין שרעקבלייכע ליפען, און די אויגען דערקענען ניט די בעקאנטע די איינגע, די ליעבע ערטער אין דער געבוירען שטאדט.

---

„הער נאר, גריעכע! קומסט דו אונז צו בעשטראפען דערפאר, וואס מיר זענען יודען, דאן טהו מיט אונז וואס דו ווילסט, דען מיר זענען ווירקליך טריי צו אונזער אמונה. און כל זמן מיר לעבען, וועלען מיר פון אונזער יודישקייט ניט אבטרעטען אויף איין האהר. אבער וואס ווילען פון אונז די דאזיגע יודישע אויסווירפע, וועלכע קומען כלומר'שט אין קעניגס נאמען און אין זינען האבען זיי גאר עפים אנדערש וואס עס איז א שאנד ארויסצורעדען".

„איך בעט דיך, ליעבער מאן! זאגט שושנה צו מיר 'אויף לשון־הקודש — רעד ניט אויף מרים'ען קיין שלעכטעס פאר איהר אין די אויגען. די רויטקייט, וואס האט איהר געזיכט בעדעקט, איז א ריינער בעוויז דאס זי האט נאך א יודי'שען פונק אין זיך; די נאטור איז נאך פארט עהרליך. זי איז לייכטזיניג און דאס איז איהר אלטער פעהלער, אבער זי איז פארט ניט אזוי פערדארבען. איהר צונג איז שלעכט, אבער איהר הארץ איז גוט.

„שטיל, דו פערפלוכטע יודין! — רופט פרינע אויף גריעכיש — איך וויל ניט, דו זאלסט מיך פערענטפערן. ווי איך בין, אזוי בין איך, און ווען מיין מאן הערט עס, ארט עס מיך גאר נישט. איהר אלע זענט שולדיג אן מיין איצטיגער לאגע. אבער מעהר ווי אלע איז שולדיג דער פערדארבענער חוניו־מענעלאוס. איך בין געוועזען איין עהרליך מיידיל, און ער האט מיך פערפיהרט און אראבגעבראכט פון וועג. דערנאך האט ער זיך פערליעבט אין שושנה'ן און מיך אוועקגעווארפען. דאן האב איך ווידער זיך פערליעבט אין דעם דאזיגען יונגען מאן, וועלכער האט אויף מיר ניט געוואלט א קוק טהון, ווייל איהם איז דיעזעלבע שושנה מעהר געפעלען ווי איך. דאס האט מיך אויסער זיך געבראכט, דאס האט מיך ווי מיט א שטורם ווייט פערטראגען פון מיין געוועזענעם פאלק און אריינגעווארפען אין די הענד פון אזא מענשען. נקמה איז געוועזען מיין איינציגער וואונש און די נקמה איז מיר איצט צו דער האנד געקומען, און איך וועל שוין דערפון מעהר ניט אבטרעטען".

„ווייסט דו וואס? — חנפ'עט זיךמענעלאוס צו איהר און זאגט איהר אויף יודיש — די בעסטע עצה וועט זיין, מיר זאלען זיך טהיילען אין אונזער ביידענס נקמה, נעם דו איהם און איך זי, אזוי וועט יעדער פון אונז דערגרייכען זיין וואונש און מיר וועלען ביידע זיין צופריעדען!"

ביי די רייד טהוט פרינע א קוק אויף מיך, דאן אויף שושנה'ן, דאן אויף אונזער קינד, פערטראכט זיך אויף איין וויילע און ענטפערט איהם אויף גריעכיש:

„ווען דו גיסט מיר אזא עצה, דאן שטאמט זי פון טייוועל און טויג ניט פאר מיר. אבער איידער איך וועל פון זיי נקמה נעהמען, וויל איך זיך פריהער אברעכענען מיט דיר, דו ביסט איין פערשאלטענער טייוועל. דו ברענגסט נור אומגליק אויף דער וועלט" איך בעט דיך, ליעבער קליסטענעס ווען דו האסט מיך נאך ליעב, שטעק דיין שווערד דעם דאזיגען טייוועל אין הארץ אריין! גלויב מיר, דו וועסט דערמיט אלעמען טהון א גרויסע טובה, אז דו וועסט אזא אויסוואורף אבשאפען פון דער וועלט.

„איך היט דאס געזעטץ — ענטפערט קליסטענעס — און וועל ניט טהון, וואס מיר איז ניט געבאטען".

„נו, ווען דו ווילסט עס ניט טהון, וועל איך עס אליין טהון" — שרייט אוים פרינע ארויסציעהענדיג א מעסער, וואס זי האט ביי זיך געהאט, און גיט זיך א ווארף ווי א ביזע חיה אויף מענעלאוס'ען, איהם צו דערשטעכען. אבער מיט איין שפרונג איז ער איהר אויסגעוויכען, דורכגעלויפען צווישען די סאלדאטען און איז פערשוואונדען געווארען.

פרינע איז אויסער זיך געווארען, איהר פארב אין געזיכט האט זיך פערביטען. באלד איז זי געווארען רויט ווי בלוט, באלד בלאס ווי דער טויט. דאן ווענדעט זי זיך צו איהר מאן און זאגט:

„ווען דו האסט מיין וואונש וועגען יענעם טייוועל נישט געטהון דאן טהו איצט מיין געבעט וועגען דיעזע מענשען; הייס דיינע סאלדאטען אוועקגעהען און לאז די דאזיגע אונשולדיגע מענשען אין פריעדען. בעפריי זיי, איך בעט דיך!"

אנדערע, פערלירענדיג דעם זינען פון גרויסען אונגליק, געהען אום איבער דער שטאָדט פון גאַס צו גאַס, בעוועגענדיג משונה׳דיג די הענד, מורמלענדיג ניט בינדיגע ווערטער. ווייבער מיהען זיך חאַטש וואָס עס איז צו געפינען אונטער די נאָכגעבליבענע בערגליך, וואָס דאָס פייער האָט אפשר גאַנץ געלאָזען.

וואהין געהט מען, וואָס הויבט מען אָן, וואו שפּאַרט מען צו דעם קאָפּ? ווי שלאָגט מען זיך דורך חאָטש אויף דערווייל?

האָט איהר ווען בעגעגענט איין אָרימען מענשען מיט איין ענטקרעפּטעטען בלייכען פנים. ווי עלענד בעט זיין בליק עפּיס ביי אייך?

ער בעט ניט ביי אייך קיין נדבה, ניין, נור מיט׳ן האַרצע אייערן פיהלט איהר, זיין עלענד.— איהר פיהלט, אז ניט אַלץ אין איהם איז פערניכטעט ווי מיט די פיס צוטרעטען,— איהם איז שווער ער קאָן נישט בעטען.

די אָבגעברענטע איינוואהנער פון באברויסק בעטען ניט, זייער אונגליק אַליין רופט זיך אָב אין אייער זעלע, אין אייער האַרצען! צי זעהט איהר די קינדער־טהרערען? צי זעהט איהר די קינדער־הענטליך, וואָס זענען אויסגעשטרעקט צו אייך? צי זעהט איהר זייער אונגליקליכע פאַטער און מוטער, וואָס האָבען אַלעס, אַלעס פערלאָרען, אַלעס ביז דאָס לעצטע העמד אפילו?..״

אַזוי שרייבט אַ ניט יודישער קאָרעספּאָנדענט פאַר די אונגליקליכע יודישע נשרפים פון באברויסק. יודישע קינדער, רחמנים בני רחמנים, קאָנט איהר קאַלטבליטיג דעם האַרצרייסענדען הילפס געשריי אויסהערען און נישט טהון אייער הייליגען חוב פאַר אייערע פערונגליקטע ברידער? גיט וואָס און וויפיעל איהר קאָנט, נור גיט, נור באַלד, ניט, שפּעטער. ווער ווייסט ניט, וויפיעל יעדער ביסען ברויט איז טהייער ביי דעם פון הונגער פערשמאַכטען — און יעדער ביסען ברויט, וואָס איהר וועט געבען, קאָן דאָרט צווישען די פיעל הונגערנדע אין באברויסק אַ מענשליך לעבען דערהאַלטען, אַ פערשמאַכטען נפש דערקוויקען.

ד.

# פאָליטישע איבערזיכט.

די דעלעגאַציע. — די וויבאָרעס אין פראַנקרייך. — די אנטיסעמיטען. — עלזאַס.

די עסטרייכישע דעלעגאַציע, וועלכע איז צוזאַמענגעקומען אין בודאפעסט (אין אונזער פאָריגען אַרטיקעל האָבען מיר על פּי טעות געשריבען „אין וויען״), האָט זיך געעפענט ווי געוועהנליך מיט איין טראָהנרעדע און מיט איין גרעסערער פּאָליטישער רעדע פון דעם מיניסטער גאָלוכאָווסקי. די רעדע פון דעם מיניסטער איז אייגענטליך נור אַ פירוש אויף די אָנגעמערקטע פונקטען פון דער קייזערליכער רעדע. גראַף גאָלוכאָווסקי איז מודיע, אַז דער טערמין פון דעם דרייבונד לאָזט זיך אויס אין מאַי 1903־טען יאָהר, און אַז צווישען די פעראייניגטע מלוכות ווערט געפיהרט אַ קאָרעספּאָנדענץ איבער דאָס פערלענגערען פון דעם בונד. אָהן אַ שום ספק, זאָגט דער מיניסטער, וועט דער דרייבונד ווייטער בלייבען בעשטעהן. דער דרייבונד האָט נור פריעדליכע צוועקען, און צוזאַמען מיט דעם בונד, וואָס איז צווישען רוסלאַנד און פראַנקרייך, קען ער זיין די בעסטע ערבות פאַר דעם שלום אין אייראָפּא. דער צור־

„איך היט דאָס געזעטץ — ענטפערט קליסטענעס — און מוז טהון, וואָס מיר איז געבאָטען״.

„ווען אַזוי — זאָגט פרינע מיט ביטערער שטימע — הייס מיך אויך שמידען אין קעטען, דען איך בין אויף קיין פאַל ניט בעסער ווי די דאָזיגע יודישע נפשות״.

„אויך דאס טהו איך ניט, ווייל עס איז מיר ניט געבאָטען״ — ענטפערט דער קאַלט בלוטיגער גריעכישער אָפיציער.

„אך דו האַרטער מענש, דיין האַרץ איז אָהן געפיהל, ווי די געטצען, צו וועלכע דו דיענסט. מען האָט דאָך דיר געבאָטען צו אַרעסטירען די יודען, ווייל זיי זענען טריי צו זייער אמונה, און איך זאָג דאָך דיר אָפען: איך בין אויף קיין פאַל ניט בעסער ווי זיי — דערום ביזט דו דאָך ממילא געבאָטען אויך מיך אַזוי צו בעהאַנדלען ווי זיי! יאָ, יאָ, די דאָזיגע פרוי האָט פאָלקאָמען רעכט, זי קען מיך גוט. זי איז געוועזען מיין בעסטע פריינדין, איידער איך האָב מיך פון דעם שענדליכען מענעלאוס געלאָזען פערפיהרען. זי קען מיך בעסער ווי איך מיך זעלבסט. מיין לייכטזין האָט מיך ווייט, ווייט פערפיהרט, מיין זינד האָט זיך ווי אַ שלאַנג ביי מיר אין האַרצען בעגראָבען און האָט געביסען און פערגיפטעט. כדי איינצושטילען די שלאַנג אין מיין האַרצען, האָב איך אַלע שרעקליכע זאַכען געטהון, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען, די וואונד איז געבליבען אין הערצען, דאָס גיפט פרעסט מיך אויף. אומזיסט איז מיין מיהע זיך צו פערענדערן, איך קען ניט אַנדערש ווערען, איך קען ניט האַסען ווען איך ליעב, איך קען ניט פעראַכטען און מבזה זיין וואָס איז ביי מיר פון קינדהייט אָן געעהרט און געשעטצט. איך האָב געוואָלט אַנדערע פערוואונדען, איך האָב אָבער נור דיך אַליין אַלץ מעהר און מעהר פערוואונדעט. איצט אָבער, ווען איך האָב מיך בעגעגענט מיט דעם שענדליכען מענעלאוס, וועלכער האָט מיך און מיין פאָלק אונגליקליך געמאַכט, דאָ האָבען זיך מיר די אויגען געעפענט, איך זעה איין, ווי פערווילדעט איך בין געוואָרען, און מיין וואונד ברענט מיר אין האַרצען ווי אַ העליש פייער.

פלוצלינג עפענט זיך די טהיר, און אַ אָפיציר טרעט אַריין און זאָגט צו קליסטענעס:

„אונזער פעלדהער אפּאָלאָניוס שיקט מיך דיר זאָגען, דאָס עס איז אָנגעקומען אַ קעניגליכער בעפעהל, צו חאַפּען די גאַנצע רציק׳ס פאַמיליע און זי אוועקפיהרען קיין אַנטיאָכיען, אום זיין געבורטסטאָג צו פערהערליכען: אָדער זיי אַלע וועלען מוזען קרבנות ברענגען צו אונזערע געטער, אָדער זיי וועלען אַלע פאַר זיי פאַלען אַלס קרבנות.

נאָך ציטערען אין מיר אַלע גליעדער ווענען דעם נייען בעפעהל, נאָך וועלכען מיר אַלע דאַרפען פאַלען פאַר אַ קרבן פאַר די געטצען,— מיט אַמאָל בעווייזט זיך מענעלאוס אין דער הויז־טהיר און זאָגט צו אונז אויף גריעכיש מיט אַ שטעכענדיג געלעכטער:

מזל־טוב אייך, מיינע ליעבע לייט! אייער אַלטער זיידע, אלעזר בן־חרסם, ליגט אויף דעם בירה־פלאַטץ אַ דערהרג׳עטער, אייער מוטער חנה מיט איהרע זיעבען זיהן זענען אין קייטען געשמידט און אין דריי פוהרען אוועקגעפיהרט געוואָרען נאָך אַנטיאָכיען. איצט וועלען מיר זיך נעהמען צו אייער פאַטער רציק, וועלכער האַלט זיך אויף צווישען די בערג אין יהודה. עס איז שוין אַ גאַנצער חיל אַרוים איהם אויפצוזוכען. אפשר ווילט איהר מיר ניט גלויבען, פרעגט דעם אָפיציר, וועט איהר הערען דעם אמת״.

„עס איז אמת!״ — זאָגט דער אָפיציר ערנסט. דערויף ברעכט אוים מענעלאוס מיט אַ טייוולשען געלעכטער און פערשווינדט.

(פאָרטזעטצונג קומט).

א. ש. פריעדבערג.



זאמענבונד צווישען די דריי מלוכות קען זיי ניט שטערען צו לעבען אין שלום מיט פרעמדע מלוכות און אריינצוטרעטען מיט זיי אין בעזונדערע פערבינדונגען. אזוי איז אין דער לעצטער צייט געווארען א גרעסערע התקרבות צווישען איטאליען און פראנקרייך, און אזוי איז נאך מיט 5 יאהר צוריק געשלאסען געווארען א בעזונדערע פערבינדונג צווישען עסטרייך און רוסלאנד בנוגע די מלוכות אויף די באלקאנען.

דער שלום אויף די באלקאנען, זאגט דער מיניסטער, קען נור אבגעהאלטען ווערען דורך א שטענדיגע השגחה פון מלוכות, וועלכע זענען אין איהם גלייך פעראינטערעסירט. אזוינע מלוכות זענען רוסלאנד און עסטרייך. קיינע פון דיביידע מלוכות טאר ניט זוכען אויף די באלקאנען קיין אייגענע צוועקען און טובות פאר זיך; קיינע פון זיי טאר זיך ניט אריינמישען אין לעבען פון די באלקאנישע מלוכות, כדי דורך דעם אויסצומיידען יעדע מעגליכקייט פון סכסוכים. קיינע פון די ביידע מלוכות טאר קיין זאך ניט אונטערנעהמען אויף די באלקאנען אהן דעם הסכם פון דער אנדערער מלוכה. נור אויף אזא אופן, זאגט מיט רעכט דער מיניסטער, וועט זיין מעגליך אויפצוהאלטען די איצטיגע ארדנונג אויף די באלקאנען און ניט צו דערלאזען דארטען קיין שום איבערקערענישען אין פאליטישען לעבען.

ביים ענדע פון זיין רעדע ווייזט אויף גראף גאלוכאווסקי אויף די וויכטיגקייט פון די פערהאנדלונגען איבער דעם האנדעלסקאנטראקט, וואס ווערען געפיהרט צווישען עסטרייך און אנדערע מלוכות. חאטש די פערהאנדלונגען בעגעגענען נאך א סך שוויריגקייטען, פון דעסטוועגען גלויבט ער, אז די האנדעלסקאנטראקטען מיט דייטשלאנד וועלען דאך ערנייערט ווערען. פריהער פאר אליץ איז אבער וויכטיג, אז עס זאל זיין צווישען עסטרייך און אונגארן איין פאלשטענדיגער הסכם אין די האנדעלספראגען, כדי זיי זאלען צוזאמען קענען פיהרען די פערהאנדלונגען מיט פרעמדע מלוכות און ניט יעדע בעזונדער.

די רעדע פון דעם מיניסטער איז אויפגענומען געווארען אין דער דעלעגאציע מיט לעבהאפטע אפלאדיסמענטען.

די דעלעגאציע האט אנגעהויבען איהר ארבייט. זי האט בעשטעטיגט שוין דעם גאנצען בודזשעט פאר דעם חיל און פלאט. אבער די וויכטיגסטע פראגע, וואס האט פאר זיך די דעלעגאציע, ליגט איצט ניט אין בודזשעט, נאר אין פונקט פון א שותפות׳דיגען האנדעלסקאנטראקט.

אין פראנקרייך האבען זיך שוין די וויבארעס אין גאנצען געענדיגט. אויך ביי די צווייטע וויבארעס אין די ערטער, וואו ביי די ערשטע איז קיינער ניט געוועזען אויסגעקליבען, האט די רעגירונג ווייטער מנצח געווען. די פארטיי פון דער רעגירונג איז איצט נאך מעהר פערשטארקט געווארען. די רעגירונג וועט איצט האבען אין פארלאמענט די מעהרהייט פון ניט ווענינער ווי 100 שטימען. די גרויסע אנטיסעמיטען זענען ביי די וויבארעס אלע דורכגעפאלען. עס זענען אבער אויסגעקליבען געווארען א סך שטילע, מיטעלמעסיגע אנטיסעמיטען. בנוגע צו יודען זעהען מיר אין פראנקרייך אייגענטליך דאסזעלבע וואס מיר האבען געזעהן אין דייטשלאנד. די גרויסע נאסען־אנטיסעמיטען מיט די גרויסע מיילער, ווי צום ביישפיעל אין דייטשלאנד שטעקער און אהלווארדט, וואס שרייען נאך אנאנד, אז אלע צרות אין לאנד קומען נור פון יודען, הויבען ניך אן מיאוס צו ווערען. מען הויבט אן צו פערשטעהן די ווילדקייט און די גראבקייט פון אזוינע מענשען. אין עס הויבט אלעמען אן צו עקלען פון זייער ליגענד און גוזמאות. אבער עס איז א גרויסער טעות, ווען מען מיינט, אז מיט דעם, וואס עס פאלען שטעקער און אהלווארדט אין דייטשלאנד, אדער דריומאן אין פראנקרייך, פאלט מיט זיי אויך דער אנטיסעמיטיזם. עס פאלט נור דער נאסען־אנטיסעמיטיזם, אבער דער אנטיסעמיטיזם בלייבט און ווארצעלט זיך איין אליץ טיעפער אין פאלק. אין דייטשלאנד הערט מען איצט ניט פון סקאנדאלען געגען יודען, פון העצען געגען זיי, אבער די יודען אין דייטשלאנד זענען שוין לאנג ניט געוועזען אזוי אבגעשלאסען און אבגעזונדערט, אזוי ווי זיי זענען איצט. דאסזעלבע געהט אויך איצט פאר אין פראנקרייך.

אין יאהר 1871 האט דייטשלאנד צוגענומען פון פראנקרייך די לענדער עלזאס און לאטרינגען. 32 יאהר האט זיך דייטשלאנד געסטארעט אליץ שטארקער צוצובינדען צו זיך די ביידע פראנצויזישע לענדער. פיעל איז אין דער צייט דערגרייכט געווארען. דער דייטשער גייסט האט דורך די דייטשע שולען זיך פערשטארקט אין דעם איינגענומענעם לאנד, די שנאה פון די איינוואהנער צו דייטשלאנד איז מיט דער צייט אליץ שוואכער געווארען. אויך אין פראנקרייך האט מען זיך שוין אנגעהויבען איינגעוועהנען מיט דעם געדאנק, אז עלזאס און לאטרינגען זענען אויף אייביג פערלארען, און אזוי זענען פון ביידע זייטען די געפיהלען געווארען אליץ פריעדליכער. ביז איצט האבען עלזאס און לאטרינגען ניט געהאט דיזעלבע פרייהייטען ווי אלע אנדערע דייטשע מדינות. דער שטאטהאלטער, וואס איז געוועזען געשטעלט איבער זיי, האט געהאט בעזונדערע רעכטע, ארויסצוטרייבען פון לאנד די מענשען, וועלכע ער האט געהאלטען פאר שעדליך, פראנצויזישע צייטונגען פלעגט מען ניט אריינלאזען פריי אין עלזאס. פערזאמלונגען און חברות פלעגט מען אפט פערמאכען. דער פארלאמענט האט שוין איינינגע מאל אנגענומען דעם בעשלוס מבטל צו זיין די בעזונדערע געזעצען פאר עלזאס־לאטרינגען, נאר די רעגירונג האט ביז איצט נישט געוואלט געבען איהר הסכם דערצו. איצט אבער האט דער קייזער ווילהעלם זענענדיג אין עלזאס, ארויסגעגעבען א בעפעהל צום שטאטהאלטער, אז ער זאל איינטרעטען אין פערבינדונג מיט דעם קאנצלער וועגען מבטל מאכען די בעזונדערע געזעצען און דער אויסגלייכונג פון עלזאס־לאטרינגען מיט די איבריגע דייטשע מדינות.

י. ל.

---

## צייטונגס־שטימען.

צווישען די פיעל מוסר און עצות, וואס מען זאגט אונז און מען גיט אונז, ווי אונזער זעלבסטבעוואוסטזיין אלס פאלק אין אונז אויפצוועקען, לעזען מיר אפט אין אונזערע העבּרעאישע צייטונגען גאנצע ארטיקלען איבער אנדערע פעלקער, וועלכע די שרייבער שטעלען ארויס פאר א מוסטער און ביישפיעל: אזוי האבען זיי זיך געפיהרט, אזוי האבען זיי געטהון, ביז זיי זענען געקומען צו דעם צוועק, צו וועלכען מיר ברויכען זיך שטענדיג בעשטרעבען און צו וועלכען מיר מוזען ענדליך אויך קומען.

אזוי האט אונז ה׳ נ״ס אין א גאנצער רייהע פון ארטיקלען דערצעהלט, ווי עס האבען זיך געפיהרט די אמאליגע אונגארישע פאטריאטען בעת עס האט זיך אנגעהויבען ביי זיי די נאציאנאל־בעוועגונג, ווי עס האבען זיך געפיהרט די גריכען, די באלגארען, די בעלגיער, אויך די יאפאניער און נאך אנדערע. פריהער פאר אליץ, דערצעהלען דיזעלבע ארטיקלען, האבען די אלע פעלקער געשאפען, אדער צוריק לעבעדיג געמאכט, זייער אייגענע שפראכע, זייער אייגענע ליטעראטור. דורך דעם זענען זיי געקומען צו זייער אייגענער קולטור, אין דאס אלעס האט

ערשט געקאָנט פֿיהרען, אַז זיי זאָלען ענדליך צוריק ווערען אַ פֿאָלק, ווי זיי זענען עס היינטיגען טאָג.

אין דער לעצטער וואָך, — דערצעהלט אינז ה׳ נ״ס ווייטער, — ווי עס טהוען און פֿיהרען זיך איצט די אירלענד׳ער אמת׳ע פּאַטריאָטען, וועלכע שטרעבען צו זעלבסטשטענדיגקייט.

„בעת אמאָל האָבען די אירלענדישע פּאַטריאָטען זיך עוסק געוועזען אין פּאָליטיק, געקעמפּפט אין ענגלישען פּארלאמענט פֿאַר זייער זעלבסטשטענדיגקייט און האָבען ניט אויסגעפֿיהרט, — דערצעהלט ה׳ נ״ס, — האָבען די איצטיגע אירישע פּאַטריאָטען, זיך גענומען מיט ענערגיע לעבעדיג מאַכען זייער אַלטע קעלטישע שפּראַך, פֿערברייטערן די ריין אירישע ליטעראַטור, איינצופֿיהרען די אַלטע אייגענע מנהגים און זיטען, אַלץ אייגענע, עס זאָל אין זייער לעבען קיין זאַך נישט בלייבען, וואָס עס איז געבאָרגט און נאָכגעמאַכט פֿון זייערע בע־הערשער די ענגלענדער. צוליעב דעם האָבען זיי געגרינדעט פֿערשידענע אַנ־שטאַלטען, ביבליאָטהעקען, קלובען און נאָך אַזעלכע געזעלשאַפֿטליכע ערטער, וואו אַלץ איז דאָרט נור איריש, היימיש, און וואו מען רעדט ניט אויס אַ וואָרט ענגליש אפילו מיט איין אויסלענדישען גאַסט. וואָס קומט אַהין צוליעב אַ גע־לעהרטען צוועק, זיך ערקונדיגען וועגען די אירישע אַנשטאַלטען“.

לעזענדיג די אַרטיקלען קאָן וועמען אויפ׳ן זינען אַרויפֿקומען, אַז דאָרט איז שוין צופֿיעל אביסיל, אַז אַזאַ מיטעל אויפֿצו־וועקען אין אַ פֿאָלק זיין זעלבסטבעוואוסטזיין שמעקט שוין מיט פֿאַנאַטיזם, נאַר אַז מיר לעזען, וואָס אַנדערע צייטונגען שרייבען פֿון אירלאַנד, ווי וויים דאָס אירישע פֿאָלק האָט זיין אייגענס אויף פֿרעמדס אויסגעטוישט, פֿערשטעהען מיר, אַז אַנדערש קענען איצט די אמת׳ע פּאַטריאָטען ניט האַנדלען, ווען זיי ווילען דאָס פֿאָלק צוריק צו זיך אומקעהרען.

אָט וואָס די וואַרשויער פּוילישע צייטונג „גאַזעטאַ־וואַרשאַווסקאַ“ דערצעהלט אין נומער 126 פֿון אירלאַנד:

„אין אירלאַנד הערשט אַ קרענקליכע תאוה נאָכצוטהון די ענגלענדער: וואָס ענגליש איז, איז שעהן, גוט און פֿיין, מען האָט פֿיינט דעם ענגלענדער פֿון אייביג אָן, און פֿונדעסטוועגען טהוט מען איהם אין אַלעם נאָך. אין אירלאַנד איז אייגענעס, אירישעס, גאַר נישט געבליבען. עס דאַכט זיך, די אירלענדער האָבען דעם אייגענעם שכל פֿערלאָרען מיט דעם אייגענעם געשמאַק צוזאַמען, און דאָס גאַנצע פֿאָלק האָט נור איין זאַך צו טהון: צו קאָפּירען די ענגלענדער, נאָכצוטהון אַלץ, וואָס עס טהון די ענגלענדער. (פּונקט ווי אונזערע אסימילאַ־טאָרען דאָ און אומעטום). עס איז פֿיין, אויב מען רעדט מיט׳ן ריכטיגען ענג־לישען אַקצענט, פֿון לאָנדאָן קומט די מאָדע, געזעלשאַפֿטליכע שפּיעלען, אפילו דער וויטץ איז אַ לאָנדאָנער!... אין טהעאַטער שטעלט מען ענגלישע פּיעסען, אין קאָנצערט־זאַלען, אין פֿערוויילונגס לאָקאַלען הערט מען ענגלישע קופּלעטען און גערדיכטע, וואָס שפּעטען ווי געוועהנליך פֿון דעם נ אַ ר י ש ע ן א י ר ל ע נ־ד ע ר; און דער אירישער עולם הערט און לאַכט!... קיין אַנשטענדיגער איר־לענדער וועט ניט געבען זיין טאָכטער קיין אירישען נאָמען: „בריגידאַ“ אָדער „קאַטהלעען“ (וואָס קלינגט, מסתמא, אַזוי ווי ביי אונז „ביילאַ“ אָדער „ציפּאַ“) נאַר „מאַבעל“ אדער „גלאַדיס“ (אַזוי ווי ברוינצע, אָדער נאַדיע) עכט ענגלישע נעמען! קליידער קויפֿט מען נור אין ענגלישע מאַגאַזינען“.

מען טרעפֿט אָפֿט, דערצעהלט ווייטער דער אַרטיקעל, אירלענדישע נאַציאָנאַליסטען, וועלכע זענען אין פּאָליטישען זינען אמת׳ע ענגלישע פֿיינד, און וועלכע ווילען פֿון דעסטוועגען מיט׳ן גאַנצען האַרצען עהנליך זיין צו די ענגלענדער. אויסזעהן, נישט צו דערקענען, ווי איין ענגלענדער, איז דאָס העכסטע אידעאַל.

„און עס איז לייכט צו בעמערקען וויפֿיעל אירלאַנד פֿערלירט עקאָנאָמיש און מאָראַליש פֿון אַזאַ אַרט אסימילאַציע:

ערשטענס, פֿערלירט דאָס אירלענדישע פֿאָלק זיין אייגענע אינטעליע־גענץ, דאָס פֿאָלק בעקומט נור פֿרעמדע אידעען, פֿרעמדע איינפֿלוס און אַרבייט זיינע אייגענע ניט אויס. מיט אייגענע שעמט מען זיך. דער נאַטירליכער אירי־שער גייסט פֿערלירט זיין קראַפֿט, ער ווערט ענגער און פֿלאַכער, און דיענט נור צום נאָכאַהמען. אפילו די ענגלענדער אַליין בעמערקען, אַז דער אירלענדער פֿערלירט אין געזעלשאַפֿט מיט ענגלענדער זיין גאַנצע געשיקטקייט און פֿעהיגקייט...

אויסער דעם נעהמען די ענגלענדער ביי זיי צו אַלע פֿעהיגע מענשען, וואָס וואָלטען געקענט נוטצליך זיין פֿאַר זייער פֿאָלק. אַ געבילדעטער אירלענ־דער ווערט אַ ענגלישער ליטעראַט, אַ ענגלישער זשורנאַליסט, אָדער אַ ענגלישער בעאַמטער ערגיץ אין אַ ווייטער ענגלישער קאָלאָניע. מען גיט די געבילדעטע און פֿעהיגע אירלענדער אַזוינס, וואָס לאָקט זיי אָן, ניט נור זייער היים, אָבער אויך זייער פֿאָלק און זיינע אינטערעסען צו פֿערלאָזען.

אַזוי ערנידריגט די אסימילאַציע די מאָראַל פֿון פֿאָלק און פֿערקלענערט דעם גלויבען אין זיך זעלבסט, דעם כבוד צו זיך זעלבסט, און שוואַכט אָב דאָס געפֿיהל פֿון רעכט, וועלכעס די אירלענדער האָבען צו לעבען ווי אַ פֿאָלק.

די ענגלענדער אַליין בעמערקען, אַז אין די פּראָווינץ שטעדטליך, וואו דאָס אירישע פֿאָלק רעדט נאָך קעלטיש, וואו מען טראָגט נאָך נאַציאָנאַלע אירישע קליידער שטעהט די מאָראַל פֿיעל העכער!

און אפשר פֿערדיענט עטוואָס דאָס אירישע פֿאָלק פֿון דער אסימילאַציע?

— ניין! אַ פֿאָלק וואַקסט און געדייהט נור דאַן, ווען עס ענטוויקעלט זיינע אייגענע קרעפֿטען, זיינע אייגענע געפֿיהלען, זיין אייגענעם כאַראַקטער, זיין אייגענע קולטור און זיין אייגענע נשמה!...

מען קען דעם אירלענדער זיין נשמה צונעהמען, נאַר געבען איהם אויף איהר אָרט איין ענגלישע נשמה קען קיינער נישט“...

געוויס, מענשען קאָנען נור טוידטען, נישט לעבעדיג מאַכען!

דער גאַנצער אַרטיקעל מיט גאַנץ ווייניג אויסנאַהמען קאָן זיין אָנגעמאָסטען אויף אונז יודען, אויף אונזער זיך זעלבסט פֿערלייקענען צוליעב דעם נאָכמאַכען אונזערע שכנים, אונזערע בעלי בתּים. עס איז נור די פֿראַגע: ווען אַנשטאַט אירלאַנד וואָלט די רעדע זיין פֿון בערלין, וויען אָדער וואַרשוי, און ווען אַנשטאַט אירלענדער וואָלט מען שמועסען וועגען יודען, צי וואָלט ניט זעלבסט די צייטונג „גאַזעטאַ וואַרשאַווסקאַ“, וואָס דרוקט אַזאַ ליבעראַלען און וואַרימען אַרטיקעל נעגען די אסימי־לאַציאָן אין אירלאַנד, ניט אַ געוואַלד מאַכען ביז׳ן זיבענטען הימעל אויף די יודישע אונטרייהייט צו דעם לאַנד, אין וועלכען זיי לעבען? — געפֿינט זיך ווירקליך גאַר אַ אַנדער לאָגיק, ווען די רעדע געהט וועגען יודען? אויך אין דעם פּאַקט, וואָס די צייטונג „אדעס׳ נאָווי“ דערצעהלט, וועלען געוויס די מיינונגען פֿערשידען זיין.

אין טיראַספּאָל (הערס׳ גוב׳), דערצעהלט די צייטונג, האָבען זיך אין דעם לעצטען ווינטער אָרגאַניזירט עפֿענטליכע פֿאָרלעזונגען. נאָך דער 16-ער און לעצטער לעקציע איבער די רוסישע „שענע ליטעראַטור“, וואָס האָט פֿאָרגעלעזען פּראָפֿעסאָר י. מאַקיעוויץ, האָבען די צוהערער געמאַכט דעם געעהרטען לעקטאָר אַ פֿריינדליכע אָוואַציע. נאָך דעם האָט איהם די יודישע יוגענד צוגעטראָגען איין אַדרעס פֿון פֿאָלגענדעם אינהאַלט:

„טיפֿפֿערעהרטער אלעקסיי איוואַנאָוויטש!

גרוי און איינפֿאַך איז דאָס לעבען אין אונזער פּראָווינץ. אויסער די קליינליכע, אַלטעגליכע זאָרג, איז קיין זאַך ניט דאָ אין איהר, מיט וואָס מען זאָל דאָס לעבען ערפֿרישען, אויפֿמונטערן און אַ זינען געבען. עס איז קיין אָרט דאָ **ביי אונז**, וואו נאָהרונג פֿאַר די זעעלע צו געפֿינען, וואו די גייסטיגע וועלט זאָל חאָטש ווי עס איז בעפֿרידיגען איהר פֿערלאַנגען. דאָס פֿערלאַנגען אָבער הערט דורך דעם ניט אויף אין גאַנצען אפילו אין דער פּראָווינץ. נאַטירליך זענען ניט אַלע לעבענסאַלטער אין דעם פֿערלאַנגען גלייך. די עלטערע קענען דאָס פֿערלאַנגען ניט פֿיהלען אין זעהר אַ ברענענדער אַרט. אָבער די יוגענד! ווי פּיינליך ליידענשאַפֿטליך דורשטעט זי צו דערקענען די וועלט פֿון אמת און וויסענשאַפֿט! די וועלט פֿון פּאָעטישער און קינסטליכער שענקייט! שטילען איהר ליידענשאַפֿטליכען דורשט קען די יוגענד אין די מיטלערע און העכערע שוהלען, וואו די לעהרער און פּראָפֿעסאָרען ריידען וועגען דעם. נאַר עס איז דאָ אויך אַ יודישע יוגענד, פֿאַר וועלכע עס זענען כמעט פֿערשלאָסען די טהירען

פון יענע שוהלען... און ניט חאבענדיג די מעגליכקייט ווי אלע אנדערע אויפ'ן געוועהנליכען וועג צו שטילען איהר דורשט, שטרעבט די יודישע יוגענד מיט זעלענפיעבער ערגיץ וואו צו געפינען די קוועלע פון וויסענשאפט... איהר, טיפערעהרטער אלעקסיי איוואנאוויטש, זייט אין פערלויף פונ'ם גאנצען ווינטער געוועזען פאר אונז די דאזיגע לעבענסקוועלע! אין א צייט פון 16 וואכען האט איהר גערעדט וועגען דעם ווי די בעסערע מענשען האבען געקעמפפט געגען דאס שלעכטס, ווי זיי האבען געשטרעבט צו זייער אידעאל און אין וואס זיי האבען געזעהן זייער אידעאל. מיט איין ווארט, בעשענענדיג דאס גרויע איינפאכע פראווינץ-לעבען האט איהר אויך אונז די מעגליכקייט געגעבען צו לערנען דאס, וואס אנדערע ערלערנען אין די שוהלען. פאר אלעם דעם, זאגען מיר אייך, פון טיעפען הערצען: א דאנק, לעהרער!"

דערויף האט דער געעהרטער פראפעסאר געענטפערט: געלייענט האב איך פאר אלעמען, פאר די רוסישע, יודישע, פוילישע און אנדערע יוגענד גלייך, נאר אז די יודישע יוגענד האט גערעכענט פאר איהר חיוב מיר אויסדריקען איהר דאנק און אנערקענונג, בעט איך אויך פון מיין זייט איבערצוגעבען איהר מיין איניגסטע דאנקבארקייט!"

ווי דער פארגעלייענטער אדרעס אזוי דער ענטפער פון פראפעסאר האט ארויסגערופען דונערנדע אפלאדיסמענטען פון דעם גאנצען פובליקום.

די צייטונג בעמערקט צוליעב דעם: "ווי גרינג קען מען ווערען א פריינד פון דער יוגענד, ווי גרינג קען מען זי קויפען צו אמת'ע נוטצען! מען דארף נור דערצו האבען אביסיל הארץ, אביסיל זעעלע און אביסיל ליעבע צו איהר!"

אזוי בעמערקט א עהרליכע צייטונג, אונזערע אסימיליאטארען ניט בעסער ווי דער נאווו' וורעמ' וועלען געוויס פרעגען: צו וואס איז די אבזונדערונג פון דער אלגעמיינער יוגענד? צו וואס זאל זיך דער יוד ארויסשטעלען אליץ מיט זיין יודישקייט? וואלט אבער אויך פאר יודען הערשען נור איין און דיזעלבע לאגיק, וואס הערשט פאר אנדערע, וואלטען זיי שוין פון דעם אינהאלט פון דעם אדרעס פערשטעהן ווי אונלאניש זייערע טענות זענען.

עכא.

---

# יודישע שטעדט און שטעדטליך.

עלטערע מענשען געדענקען נאך אלטע קהלות, שטילע קהלות, ווען עס האט זיך שטיל-מתנגדיש געלעבט.

עס האט נאך נישט געהייסען מתנגדיש; עס זענען נאך קיין חסידים נישט געוועזען, זיי זאלען דעם נאמען געבען! אבער שטיל איז געוועזען...

דאס מחלוקת פון חכמי צרפת געגען רמב"ם און זיינע תלמידים איז פערגעסען געווארען! אלע גרויסע פוןביידע צדדים זענען געשטאנען הויך און גרויס אין ווייסע ליינוואנד און שווארצע לעדערנע רוקענס אין די הויכע גרויסע ספרים-שענק אין בית-המדרש... ר' נפתלי כ"ץ האט זיך אנגעריהרט רעכטס מיט'ן "בעל-עקדה", לינקס מיט'ן רלב"ג און קיין איינציגער פון די דריי האט קיין שלעכט ווארט נישט גערעדט... און אויב זיי האבען זיך שטילערהייט איבערגעווארפען, האט זיי די הכרה ש"ס מיט פשוט'ע גמרא פערהילעכט...

איינער אין שטאדט, צוויי אין א מדינה האבען געקאנט זיין מקובלים, וואס האבען געזוכט דעם אמת'ן אמת, דעם "תוך" פון "רעכט און לינקס", פון "אויבען און הינטען" פון "כתבי-יד" און ארץ ישראל ספרים... עס זענען אויך געוועזען שטילע "חוקרים"—שמשים, וואס ערשט נאך זייער פטירה איז מען געוואהר געווארען, אז זיי האבען קארעספאנדירט מיט אויסלענדישע אקאדעמיען וועגען תקופות ומזלות, לקויי חמה'ס וכדומה... זיי האבען אבער שטיל און בעהאלטען געלעבט, ווי די בעשיידענע פעלד-בלומליך צווישען ווייץ און קארן...

פון זיי האט קיינער נישט געוואוסט, עס האט קיינער פון זיי קיין נחת און קיין צער נישט געהאט.

און קהל איז געוועזען—איין קהל, איין פירוש אויף תורה-רש"י, איין קאדעקס — דער שלחן-ערוך. איין סדור — איין נוסח צום דאוונען...

אין "שטעדט און שטעדטליך" זענען גאנצע און מעהר ווי גאנצע "אלף-בית'ן" רבנים געוועזען און — אהן מחלוקת וועגען רבנים! יאהר ביי יאהר פלעגען קלפי'ס זיין, אויף אלערליי גבאות, פאר אלערליי חברות, (און צדקה האט מען געטהון אסך, און חברות זענען אסך געוועזען) און עס זענען נישט געפלויגען נישט קיין פעטש, נישט קיין האהר פון בארד און פאות, נישט קיין פעדערן פון "כרים וכסתות", נישט קיין מסירות...

"תפוצות ישראל" האט אויסגעזעהען ווי א שטיל רוהיג—גלאנצענדיג וואסעריל, אהן רעדליך, אהן שרימפען...

אויסער אז עס האט זיך א מסר בעוויזען, אדער — אז מען האט פון דרויסען א שטיין אריינגעווארפען...

דערנאך האט זיך אנגעהויבען די מעשה מיט חסידים, דערנאך מיט משכילים...

עס האט אבגעקאפט בלוט, עס זענען חרב ונחרב געווארען קהלות, מען האט פערפולט די תפיסות—און עס איז ווייטער שטיל געווארען...

די מתנגדים זענען אויסגעשטארבען, דאס חסידות האט זיך פערשפרייט פון הינטען, די השכלה האט אנגעהויבען ארומצושווימען פון אויבען... מען האט זיך צוגעוועהנט — ביז עס האט ווייטער אנגעהויבען צו רודערן...

ניי מחלוקת!

און וועגען וואס?

וועגען ציוניזם!

אין א יודיש פויליש שטעדטיל (איך האב ליידער דעם נאמען פערגעסען) האט מען נעהאפט א פריש-אראבגעברענגטען איידעם ביי א מעשה-רע! מען האט ביי איהם אין וועסטיל-קעשענע געפונען—א שקל קוויטאנציע... האט מען איהם צו מארגענס אבגע'גט מיט'ן ווייב (ביידע שרייבט מען, האבען ביים גט געוויינט ווי קליינע קינדער), בשעת גט—האבען דערווייל די קרובים ארויסגעחאפט די כלים פון שטוב, די סחורה פון קליינעם געוועלביל, און—צוגענומען דעם יונגען-מאן'ס פאסטפארט, דערנאך האט מען איהם גע'מסר'ט און געלאזט אבשיקען אהיים מיט'ן עטאפ...

אין אסטראשיצקי הארדאק (מינסקער גוב') האט זיך געעפענט א ציוניסטישער פעראיין. בעל-בתי'שע קינדער האבען זיך אפילו נישט פערשריבען, ווייל אין פעראיין האבען זיך געפונען איינינע בעל-מלאכות—דערפאר איז צוגעשטאנען א ישיבה-בחור, וואס פלעגט עסען טעג. איז מען געוואהר געווארען, האט מען איהם די טעג אבגעזאגט און ארויסגעטריבען... דער קליינער פעראיין האט איהם קוים צוזאמען גענומען אויף הוצאות און ארויסגעשיקט פון שטאדט!

און וואס איז געוועזען דער חטא פון קליינעם ציוניסטישען פעראיין: מען פלעגט זיך פערזאמלען משבת לשבת און לעזען יודישע געשיכטע... אזוי שרייבט מען!

אין מאהליבער גובערניע איז פאראן א שטעדטיל ציודנאוו. דאס גאנצע שטעדטיל שטעהט ווי אויף ברענענדיגע קוילען. עס איז קיינער מיט'ן לעבען נישט זיכער. דאס שטעדטיל איז פול פון (לויט מען שרייבט) גנבים, גזלנים... מען רייסט פון די הענד, מען שלעפט פון די קעשע־

ניס, ביי נאכט ציטערט מען פאר שרפות — פיער שרפות א וואך איז נישט קיין זעלטענהייט! ציודנאוו איז דאס ארט, וואו מען פערשיקט די גנבים פון זשיטאמיר! און דאך האט דאס שטעדטיל צו טהון נישט מיט די גנבים, נישט מיט די גזלנים, נאר מיט ציוניסטען!

צו אלטע ציוניסטען, וואס זענען געווארען פון די אלטע חובבי-ציון, האט מען זיך שוין געהאט צוגעוועהנט, מען האט זיי אנגעהויבען צו פערדייען, האבען זיך פלוצים בעוויזען קליינע, יונגע ציוניסטען — „בני ציון"! יונגליך האבען אנגעהויבען צאהלען שקלים, יונגליך האבען אנגעהויבען צו לעזען יודישע געשיכטע, יודישע צייטונגען, און אויף דעם האט שוין קהל נישט געקאנט בעשטעהען! עס זענען אפילו פרומע ציוניסטישע קינדער: א חוץ יודישע געשיכטע און יודישע צייטונגען, האבען זיי נאך צוזאמען געלערנט חומש מיט רש"י, עין־יעקב און ווער ווייסט וואס נאך פאר א מוסר ספרים! ציוניזם אליין איז אבער שוין איין אפיקורסות! און א געוויסען שענעם העלען שבת, בשעת קריאת־התורה האט מען די בני־ציון „אויסגעפאטשט, אבגעריסען אויערען און נעז און ארויסגעווארפען פון בית־המדרש. דערביי האבען שוין די עלטערע ציוניסטען אויך געליטען, ווייל זיי האבען זיך אנגענומען פאר די יונגע!

„ובערת הרע מקרבך" איז טאקי א מצוה, נאר צי איז נישט גליי־כער די מצוה מקיים צו זיין וועגען די פערשיקטע גנבים?

אין גראדאסק, אין פ־עהליכען חדש ניסן איז געשעהען אזא מעשה:

עס איז געקומען א „מטיף ציוני"; א יוד, וואס האט געהאלטען דרשות וועגען ציון און ירושלים — האט מען איהם גע'מסר'ט, אז ער פאהרט ארום אין די יודישע קהלות אנמאכען מחלוקת, אז ער קלויבט געלד אויף געהיימע צוועקען, און „כפירוש הותנה" מיט'ן „נאטשאלניק" פון פאוויעט, אז אויב ער .וועט נישט איבערגעבען די זאך צום „סליעדאוואטיעל", וועט מען איהם אליין אויך מסר'ן...

און מען האט קוים מציל געווען דעם בעל־דרשן פון פרעמדע הענד!

אין בערדיטשעוו — מחלוקת און מסירות! פאר וואס? פאר א „חדר מתוקן". פריהער האט מען אזא חדר, וואו מען לערנט לשון־קדש אויף לשון־קודש, געעפענט פאר בעל־בתי'שע קינדער, דערנאך א צווייטען חדר פאר ארימע לייט. די „עולה" האבען שוין די מלמדים קאלטבלוטיג צוקוקען נישט געקאנט! מען האט דערלאנגט וואו מען דארף א „דאנאס", אז דער „עברית בעברית" איז ריינער סאציאליזם; מען האט ארויסגענו־מען דאס אור־אלט מתנגדישע און אלט חסידישע כלי־זיין, און אויס־געטראכט א בלבול, אז „מען האט אויסגעשניטען און אוועקגעווארפען צוויי ספרים פון דער תורה"... וכדומה, און, צי די חדרים וועלען אויס־האלטען צי ניין, דערווייל אבער, שרייבט מען, „קאכט בערדיטשעוו ווי א קעסיל", און געוויס וועט זיך נישט איינער אבבריהען!

און אזוי איז כמעט אין אלע, אלע שטעדטליך, וואו עס בעוויזט זיך ציוניזם!

וואס דארפט איהר מעהר? ווארשוי איז שוין נישט קיין קליין שטעדטיל עס זאל „קאכען אויף קעסיל און כלים" און פיהרען מחלוקת... ווארשוי, ווייסט מען, איז א שטילע שטאדט, א רוהיגע שטאדט, וואס לאזט זיך פיהרען, אפילו ארומפיהרען ביי דער נאז... וועניגסטענס - אין קהל'ישע, יודישע ענינים...

וויפיעל שטריימליך עס הויבען זיך נישט איבער ווארשוי און — „אין מלכות נוגעת בחברתה" — יעדעס שטריימיל געהט זיך זיין וועג, האט זיך זיינע הכשרים, זיינע נולדים ונפטרים, זיינע ברית'ן, חתינות גיטין — און, מאכט זיך איין אסיפה גדולה, קומען זיך אלע שטריימליך מיט די זילבערנע האר צוזאמען און רעדען גוטע רייד, זיסע רייד, ווי עס פאסט פאר תלמידי־חכמים...

עטליכע הונדערט מנינים זענען פאראן אין ווארשוי, און מען הערט נישט, עס זאל עמיץ געפאטשט ווערען וועגען איין עליה...

ווארשוי האט א גרויס קהל־שטוב — 14 דאזארים, און יעדערער טהוט זיך זיין זאך, חאטש זיי בעשטעהען פון דייטשען, בעלי־בתים או האלבע משכילים...

א דייטשע שוהל האט ווארשוי, א סינאגאגע הייסט עס. קיין אר־געל האט די דייטשע שוהל נישט, נאר דערפאר צוויי פ־עדיגער. און דאס מזל האט געוואלט, אז איינער זאל זיין איין אלטער אסימי־לאטאר און דער צווייטער א יונגער ציוניסט... און פון דעסטוועגען, הערט דער עולם גאנץ רוהיג דעם ערשטען טאג יום־טוב, וואס דער אלטער זאגט, און דעם צווייטען טאג יום־טוב, וואס דער יונגער דרשנ'ט, און טראכט דערביי — אפשר וועגען פאליטיק, אפשר וועגען דער בערזע, און שטיל! עס וועט צו קיין מחלוקת, חלילה, נישט קומען!

דאכט זיך גאר א גן־ערן, נאר אין גן־עדן בעוויזט זיך אויך די שלאנג:

עס איז געוועזען איין אלגעמיינע אסיפה פון א צדקה־חברה „אחיעזר". עס האבען זיך פערזאמעלט עטליכע הונדערט מענשען, עס האבען געזאלט זיין נייע וויבארעס אין קאמיטעט אריין, עס האט גע־זאלט גערעדט ווערען וועגען וויכטיגע פראגען אין דער צדקה, און פון דער גאנצער אסיפה איז ניש ט געווארען, ווייל מען האט נישט געקאנט אויסקלויבען א פרעזעס (יושב ראשון) צו דער אסיפה.

קוים האט מען די פראגען געשטעלט ווענען אויסצוקלויבען, האט א האלבער עולם אנגערופען איין נאמען, די אנדערע העלפט א צוויי־טען נאמען... און עס איז געווארען א רעש, א געפולדער, א גיהונם!— מען האט געברענגט פאליציי, עס האט נישט געהאלפען.

א העלפט עולם שרייט — י., די אנדערע העלפט—ס...

איך פרעג איין צד: פאר וואס נישט י.? ענטפערט מען מיר: ער געהערט צו דער רעוויזיאנס־קאמיסיע, קען ער ע"פ התקנות נישט זיין קיין פ־עזעס. איין אמת'ער תירוץ.

פרעג איך אין צווייטען צד: פאר וואס נישט ס.?

— ער איז א ציוניסט! ענטפערט מען מיר מיט כעס, מיט האס, מיט בזיון...

און מען איז זיך צוגאנגען, אויב נישט מיט אנגעשוואלענע פנימ'ער, על כל פנים מיט אויסגעטריקענטע העלזער...

---

וואס פלעגען די אלטע שטילע יודישע קהלות טענה'ען, אז מען האט זיי אריינגעווארפען שטיינער פון דרויסען?

וואס פלעגען טענה'ן די ערשטע חסידים, אז מען האט זיי מיט געוואלט געגאהלט די בערד, געטריבען, געיאגט, געמסר'ט און פערשיקט!

וואס פלעגען טענה'ן די אלטע משכילים, ווען מען פלעגט זיי שמייסען אין די בתי־מדרשים אויף אפענע קאנקארדאנציעס, אבגעבע פאר סאלדאטען אדער טרייבען פון שטאדט צו שטאדט?

אין וואס טענה'נען — היינט די ציוניסטען? (איך זאג בפירוש היינט, כל־זמן זיי ועגען שוואך, כל־זמן מען יאגט זיי).

אלע טענה'ען איין עהרליכע טענה:

אין ווכּוח צווישען מוחות און הערצער דארפען זיך די גראבע הענד נישט אריינמישען!

ווער עס האפּט אין מיט'ן ווכּוח א בענקיל, איז א סימן, אז דאס בענקיל איז קלוגער פאר איהם... ווער עס מסר'ט...

ניין, דאס טאר מען נישט זאגען; עס וועט זיך געפינען איין "אהר" און עפּיס צולעג'ן, אביסיל צוזאלצען און מאכען א פיין לעקעכיל פאר "ראלא", "ניווא־פאלסקא" און אפשר פאר'ן "גלאס"?

מיט דער צייט וועט די "פּראוודא" אליין אויך אנהויבען אזוינע לעקעכליך צו נאשען...

נאר פון דעם איין אנדער מאל...

די ביהן.

---

# די יודישע וועלט.

## געזעצען און משפטים.

— דער אינספעקטאר פון די פאלקסשולען אין אדעס האט ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז די אדעסער מלמדים זאלען האלטען פערמאכט זייערע חדרים פון דעם 10־טען יולי ביז צום 1־טען סעפּטעמבער, כדי צו געבען די קינדער די מעגליכקייט זיך אויסצורוהען אין דער הייסער זומערצייט.

אויסערדעם איז דער אינספעקטאר מזהיר די אדעסער מלמדים, אז זיי זאלען ריכטיג ערפילען די רעגעלען, וועלכע זענען אויפגעשריבען אויף יעדען שיין, וואס ווערט ארויסגעגעבען די מלמדים, אז זיי זאלען נישט לערנען אין די חדרים קיין שום אלגעמיינע למודים, ווי צום ביישפּיעל די רוסישע שפּראך און חשבון, און נישט צולאזען אין די חדרים קיין פרעמדע מענשען אויסער דעם מלמד און די קינדער. ווער עס וועט עובר זיין אויף דעם, וועט מען איהם פערמאכען זיין חדר.

— דער מיניסטער פון איננערען האט פונאנדערגעשיקט א צירקולאר וועגען דער ארדנונג פון אומבייטען אלטע פּעסער אויף נייע: דער מיניסטער איז געוואהר געווארען, אז די מיעשצאנסקע אופּראוועס ווילען נישט ארויסגעבען קיין נייע פּעסער, כל זמן מען שטעלט זיי נישט צו די אלטע און דורך דעם בלייבען מענשען, וועלכע זענען אין דער פרעמד א לאנגע צייט אהן פּעסער און האבען אונאנגנעהמליכקייטען פון דער פּאליציי. דאס מיניסטעריום ערקלערט דערום ווידער, אז מענשען, וועלכע דארפען אומבייטען זייערע פּעסער, זענען נישט מחויב אבצושיקען פריהער זייער אלטען פּאס. דער אלטער פּאס קען אבגעשיקט ווערען נאכדעם, ווי מען האט געקראגען א נייען פּאס.

— דער סענאט האט געענדערט זיין פריהריגע מיינונג און האט ערקלערט, אז מענשען, וועלכע זענען נישט רבנים אדער געהילפען פון רבנים מעגען מל זיין קינדער לויט דעם יודישען דין

— די ציימונגען ברייגגען א צעטיל פון געזעצען, וועלכע זענען לעצטענס געווארען ארויסגעגעבען אין רומעניען געגען יודען: דאס געזעץ פון 1881 "וועגען בערזען" אסר'ט יודען צו זיין בערזענמעקלער; דאס געזעץ פון 1884 אסר'ט "אויסלענדער" צו זיין הויזירער. דאס דאזיגע געזעץ האט צוגענומען פרנסה ביי 20,000 יודען בערך. דאס געזעץ פון יאהר 1885 ערלויבט נור געבוירענע רומענער צו עפענען אפּאטהעקען. צו דעם דאזיגען געזעץ איז געווארען שפּעטער צוגעגעבען אז אויסלענדער טארען נישט האנדלען מיט אפּאטהעקען־סחורות. דאס געזעץ פון 1887 בעשטימט, אז אויף פאבריקען, אין וועלכע עס ארבייטען מעהר ווי 5½ ארבייטער, מוזען $^2/_3$ ארבייטער בעשטעהען פון רומענער. דורך א גאנצע סעריע פון געזעצען האט מען די יודען ביסליכווייז ארויסגעשטופּט פון די דערפער. מען האט זיי פערבאטען צו קויפען ערד און הייזער און צו פערנעהמען זיך מיט מלאכות און האנדעל אויף דערפער). פון 1893 אן לאזט מען די יודען נישט צו אין די האנדוועקער און לאנדווירטשאפטליכע שולען. אין די איבעריגע שולען נעמט מען צו יודען נור אין פאל, אויב עס איז פאראן וואקאנסען (לויט איינזעהען פון דער אדמיניסטראציאן) און די יודען מוזען געבען דערפאר א גרויסען אבצאהל.

*

## בילדונג.

דעם $^{23}/_{4}$ איז געוועזען די אספה פון דער פּעטערבורגער חברה צו פערברייטען בילדונג צווישען יודען, כדי אויסצוהערען דעם דין וחשבון פאר דאס יאהר 1901 און דעם בעריכט פון דער רעוויזיאנסקאמיסיאן. די רעוויזיאנסקאמיסיאן קומט צום בעשלוס, אז דער קאמיטעט האט די לעצטע יאהרען זעהר פיעל אויפגעטהון, כדי צו פערגרעסערען די ארבייט פון דער חברה. איהרע בעמערקונגען האט זי איינגעטהיילט אויף צוויי־ען, אויף אזעלכע, וואס זענען נוגע דעם קאסא־בעשטאנד און אזעלכע וואס זענען נוגע דער טהעטיגקייט פון קאמיטעט. בעזונדערס האט די קאמיסיאן זיך אבגעשטעלט אויף דער פראגע וועגען צוגרייטען יודישע לעהרער. די פראגע, וועלכע עס איז געמאכט געווארען פאראיאהרען צו געבען סטיפּענדיען די שילערינס פון הויכע שולען אין פּעטערבורג, איז נישט ריכטיג, און דאגעגען איז גלייך צו שיקען פרויען, וועלכע גרייטען זיך צו פאר לעהרערינס אין שפּעציעלע שולען. פאר זעהר וויכטיג האלט די קאמיסיאן דאס צוגרייטען פון לעהרערס אויף יודישע למודים, און זי ראטה דעם קאמיטעט זיך צו בענוטצען מיט דער עצה פון ה' דובנאוו, גינצבערג און אבראמאוויטש און איינריכטען אין אדעס קורסען פאר יודישע לעהרער. ווייטער האט די קאמיסיאן פארגעלעגט אויסצוארבייטען תיכף א פּראגראם פון יודישע למודים פאר שולען, וועלכע ווערען געשטיצט דורך די חברה,

דער פּרעזעס פון קאמיטעט באראן גינצבערג האט געגעבען ערקלערונגען אייף אלעם. און מודיע געוועזען אז דער קאמיטעט נעמט אן בכלל די הצעות פון דער רעוויזיאנסקאמיסיאן און וועט זיך בעמיהען זיי צו ערפילען ווי ווייט מעגליך.

ה' זיידעמאן האט אנגעוויזען דערויף, אז אין דין־וחשבון געפינט מען נישט, דאס די חברה זאל שטיצען מוסטער־חדרים, בעת אזעלכע חדרים זענען זעהר וויכטיג, כדי צו פערבעסערען דעם פּעדאגאגישען און היגיענישען שטאנד פון חדר. דער פּרעזעס האט געענטפערט, אז דער קאמיטעט האט שוין געשטיצט איניגע מוסטער־חדרים און האט בעשלאסען ווייטער אויך דאסזעלבע צו טהון.

אם ענדע פון די דעבאטען זענען פארגעלייענט געווארען 2 רעפעראטען: פון דר. ל. קאצענעלענסאהן וועגען יצחק ערטער און פון ש. גינזבורג וועגען מיכה יוסף לעבענזאהן.

*

## חברות.

— עס איז ארויס דער דין־וחשבון פון דער ביאליסטאקער קרעדיט־געזעלשאפט פאר דאס יאהר 1901, דאס ערשטע יאהר זייט זי עקזיסטירט. אם ענדע פון 1901 יאהר האט די חברה געהאט 842 מיטגליעדער, וועלכע האבען איינגעטראגען צוזאמען 8,420 ר'. דער רוב מיטגליעדער זענען קליינע הענדלער און בעלי מלאכות.

הלוואות האט די חברה אין 1901 יאהר געגעבען 1,027 אויף א סומע פון 50,675 ר', פון זיי 1,469 ר' אויף צוטרויען, און 49,206 ר' אויף ערבות פון אנדערע. אויף חשבון פון די הלוואות איז איינגעפלאסען 26,910 ר', אזוי אז די חובות פון די מיטגליעדער בעטרעפען צום 1־טען יאנואר 1902 — 23,765,20 ר'. די גרעסטע הלוואה (60 ר') האט מען געגעבען 681 מאל, די קלענסטע (10 ר') 99 מאל. אבגעשפּארט האבען די מיטגליעדער 2,120,58 ר'. ריינער ריוח איז געוועזען נאך אבצוג פון אלע הוצאות — 184,15 ר', פון וועלכע מען האט 10% אבגערעכענט אויף דעם רעזערוו־קאפּיטאל און דעם רעשט האט מען צוטהיילט אלס גראטיפיקאציעס די בעאמטע.

די געזעלשאפט האט אליין געליהען פאר זיך במשך פון יאהר 28,196,02 ר', פון וועלכע זי האט אבגעצאהלט 12,674,67 ר'.

*

## יודישע קהלות.

— אין גיבראלטאר און אין די ערטער ארום ביים ברעג שפּאניען, וועלכע געהערען צו ענגלאנד, וואהנען 9400 יודען: 7000 שפּאניאלען, ד. ה. יודען וועלכע שטאמען פון די ארויסגעטריבענע פון שפּאניען און 2700 פון אנדערע אייראפּעאישע לענדער. סיי די דארטיגע יודען, סיי די צוגעקומענע פון רומעניען און אנדערע לענדער האבען אלע בירגערו־עכטע. אין דער שטאדט גיבראלטאר אליין וואהנען ביז 3000 יודען.

די שפּאניאלען שפּיעלען א גרויסע ראלע אין גיבראלטאר: פון די 9 מיטגליעדער פון גיבראלטער'שען מוניציפּאליטעט (דומע) זענען 6 -- יודען. ארימע פרעמדע, וועלכע קומען אהין, בעקומען באלד שטיצע. דער פּרעזידענט פון קאמיטעט צו שטיצען ארימע יודען, דער באנקיר דוד קובי, איז תמיד גרייט צו העלפען די פרעמדע. פאר די רומענישע יודען האט מען לעצטענס פון גיבראלטאר געשיקט נדבות איבער 3000 דאלאר.

רוסישע יודען איז פאראן אין גיבראלטאר 96 פאמיליעס.

*

## שרפות.

— פון באברויסק איז מען מודיע, אז עס זענען אבגעברענט געווארען 20 גאנצע קווארטאלען, 9 האלבע קווארטאלען, דער גאנצער מארק מיט אלע געוועלבען און אפּטעקען אויסער איינער (באראש), 12 בתי־תפלה מיט די ספרי־תורה'ס. זעהר ווייניג האט מען ארויסגעראטעוועט, ווייל דער ווינד איז

געוועזן שטארק און איבערגעווארפען דאס פייער פון איין קווארטאל אויפ'ן אנדערן.

עס איז פערברענט געווארען דער רייכסטער טהייל פון שטאדט, עס זענען געבליבען נור די קליינע ארימע שטיבליך. עס זענען געווארען איצט אלע גלייך, די רייכע האבען אויך פערלארען זייער פערמעגען. די גאנצע שטאדט ליידט הונגער און ליגט אונטערן הוילען הימעל. דער יאמער און געשריי פון די ווייבער און קינדער איז נישט צו בעשרייבען. דאס ברויט, וועלכעס מען האט געשיקט פון מינסק און האמעל, האט מען באלד צוהאפט. הונדערטער פאמיליעס פאהרען ארויס צו אייגענע און בעקאנטע. בערך 20,000 נפשות האבען געליטען פון דער שרפה. עס זענען אייניגע מענשען פערברענט געווארען.

— די „קאוו' גוב' וויעד" זענען מודיע פון אניקשטי, אז אין דער שרפה, וועלכע איז דארט געוועזן, זענען פערברענט געווארען 160 הייזער, 600 מענשען זענען געבליבען אהן אבדאך און שפייז. דער קאוונער גובערנאטאר טהוט פיעל פאר די נשרפים.

*

## ציוניסטישע נייעס.

— פון ירושלים איז מען מודיע, אז דער מעמד פון דער זריעה איז זעהר גוט. ווייץ און גערשטען זענען זעהר געראטען אין שרון און שפלה, ווי אויך אין גליל. דער מסחר מיט דעם וויין פון די קאלאניעס פערגרעסערט זיך אלע מאל מעהר. אין ירושלים אליין האט מען די לעצטע 9 מאנאטען מעהר פערקויפט וויין, ווי דאס גאנצע פאריגע יאהר. אויך די אויבסטביימער און בעזונדערס די אפעלסינען-בוימער גיבען האפנונגען אויף א רייך גערעטעניש.

*

## אנטיסעמיטיזם.

— 2 סטודענטען פון וויענער אוניווערזיטעט, איין יוד לעווענשטאם און איין קריסט וועסט האבען זיך געקריגט אין גאס. וועסט האט זיך געפיהלט בעליידיגט און פערלאנגט פון לעווענשטאם זיין וויזיטקארטע אלס צייכען, אז ער רופט איהם ארויס אויף א דועל. לעווענשטאם האט איהם געגעבען זיין וויזיטקארטע, אויף וועלכער עס איז געוועזן אויפגעדרוקט „מיטגליעד פון פעראיין „קדימה". וועסט האט איהם דאן צוריקגעגעבען די קארטע, זאגענדיג אז אלס מיטגליעד פון דייטשען-סטודענטען-פעראיין טאר ער זיך נישט, לויט די תקנות, דועלירען מיט א יורען. לעווענשטאם האט דעם דייטש געגעבען א פאטש, און דער דייטש האט איהם דערפאר אנגעקלאגט אין געריכט.

אין געריכט האט זיך וועסט פערענטפערט, אז אבזאגענדיג לעווענשטאם צו דועלירען זיך מיט איהם, האט ער איהם פערזענליך נישט געמיינט דערמיט צו בעליידיגען. ער האט געמיינט אלע יורען בכלל און נישט איהם בפרט, און דאביי האט ער געטהון ווי עס הייסען די תקנות פון זיין פעראיין. לעווענשטאם האט געענטפערט, אז בשעת מען האט בעליידוגט דעם כלל יודען אלס פאלק, האט ער זיך אלס יוד געמוזט פיהלען בעליידיגט, און די תקנות פון דעם דייטשען פעראיין קענען איהם גאר נישט אנגעהען.

דער ריכטער האט געפסק'נט, אז ביידע סטורענטען זאלען בעצאהלען שטראף.

— די „אקאדעמישע בלעטער", דאס בלאט פון „פעראיין דייטשער סטודענטען", שרייבען: „מיר האבען שוין כמעט אויסגעפיהרט, אז די יודישע סטודענטען זענען אויסגעשלאסען פון אונז און שטעהען גאנץ בעזונדער. אלע אנגעזעהענע סטודענטישע פעראיינען און חברות, אקאדעמישע פעראיינען פאר גימנאסטיק, געזאנג א. ז. וו. שליעסען אויס פון זיך די יודען. כדי אבער אז אונזער ארבייט זאל ברייגגען נוצען דעם פאלק, דארפען מיר זיך נישט בעגניגען דערמיט אליין; מיר מוזען אויך פערצוימען דעם וועג פאר די יודישע שעדליכע געדאנקען, אז זיי זאלען נייטט איינדרינגען אין דער דייטשער זעעלע".

דערצו בעמערקט „די אסטדייטשע רונדשוי" ווי עס איז ידוע נעהמען די דייטשע סטודענטען-פעראיינען נישט אויף קיין יודען אלס מיטגליעדער, און די וועלכע האבען געהאט יודען אלס מיטגליעדער האבען זיי ביסליכווייז ארויסגעשטיפט. די דייטשען אבער פון יודישען גלויבען ווילען דאס אלעס ניט פערשטעהן און בלייבען אזוי לאנג אין די פעראיינען, ביז מען טרייבט זיי ארויס.

— שוין מעהרערע יאהר איז דער מנהג צווישען די פראוואסלאווגע קריסטען אין טערקיי אנצוטהון דעם פרייטאג פאר זייער פסח א פיגור אין די קליידער פון א יודישען רב און צו פערברענען זי אין מיטען גאס. דעם דאזיגען מנהג האט מען שוין אונטערגעבראכט אין קאנסטאנטינאפעל, נאר אין דער פראווינץ איז ער נאך געבליבען. אין טשארלו נעבען ראדאסטא (פראווינץ פון אדריאנאפאל) האט דעם דאזיגען פרייטאג דער קריסטליכער המון פערברענט אין מיטען שטאדט די פיגור פון רב. אום האלבער נאכט זענען זיי געגאנגען אויפ'ן יודישען בית עלמין און אויסגעגראבען א מת, וועלכען מען האט מיט א טאג פריהער בעגראבען, אויפגעהאנגען דעם קערפער אויף א צלם און נאכהער בעגאסען מיט נאפט און פערברענט. 2 יודען האבען געזעהען די מעשה און דערצעהלט זי דעם גובערנאטאר, וועלכער האט באלד געשיקט סאלדאטען צוזאמען מיט'ן פראקוראר אויפ'ן בית עולם. דער המון איז דערווייל צולאפען, נאר מען האפט אלע שולדיגע אויפצוזוכען.

(Jewish Chronicle)

*

## ליטערארישע נייעס.

— דאס נייע יודישע טהעאטער אין לאנדאן האט זיך דעם 26/4 געעפענט. דער זאל איז געוועזן זעהר שען אויסגעפוצט און דער פארטער און גאלעריען קענען אריינגעהמען ביז 700 פערזאן. אין דעם ערעפנונגסאווענד זענען געוועזן אלע פלעצער פערנומען און נאך 2000 מאן, וועלכע זענען געקומען בייוואהנען די עפענונג האבען געמוזט אוועקגעהן וועגען וועניג פלאץ. מען האט פארגעשטעלט איין היסטארישע שטיק „כלי מעלע" פון לאטיינער אויס דעם לעבען פון די פוילישע יודען פאר דעם קעניג אויגוסט III. אונטער די צושויער איז אויך געוועזן זאנגוויל, וועלכער האט גלייך מיט אלע געאפלאדירט דעם מחבר און די אקטיארען.

דאס טהעאטער וועט געבען א גרויסען אויסוואהל פון יודישע דראמען. מען האט דערווייל געגעבען „דער העלד פון ירושלים" אויס דער צייט פון בית ראשון, „דאס גאלדענע לאנד" אויס דעם לעבען פון די רוסיש-יודישע איינוואנדערער, וועלכעס האט זעהר שטארק אויסגענומען ביי דעם עולם.

---

# אלגעמיינע וועלט נייעס.

— אויף דער אינזעל מארטיניקא, איינער פון דער אנטילען-גרופע אין אמעריקא, האט א וואולקאן הרוב געמאכט די גאנצע שטאדט סען-פיער. ווי דער קאפיטען פון דער שיף „סושע" איז מודיע צום פראנצויזישען מיניסטער (די אינזעל געהערט צו פראנקרייך), איז די שטאדט סען-פיער חרוב געווארען אין גאנצען. מען זאגט אז אלע איינוואהנער זענען אומגעקומען. אלע שיפען, וועלכע זענען געשטאנען ביים ברעג, זענען פערברענט געווארען. דער וואולקאן שפייט ווייטער מיט פייער. איך געה קיין גאדעלופ (אינזעל) צו ברייגגען פון דארט שפייז. דאסזעלבע איז מען אויך מודיע פון ניוארק, און מען איז נאך מוסיף, אז אלע וועלכע זענען געוועזן אויף דער גרויסער שיף „ראראימא" זענען אומגעקומען. פיעל שיפען, וועלכע זענען אנטלאפען אויפ'ן אפענעם ים, זענען אויך פערברענט געווארען.

די „רייטער אגענטור" איז מודיע פון סן-לוציא אז די שיף „ראדהאס" איז געקומען אהין אהן דעם אנקער און די קייטען, ווארום אנטלויפענדיג פאר'ן העלישען פייער האט זי געמוזט אלעס לאזען. אלע זעגעל זענען פערברענט. דאס אומגליק איז געקומען אזוי געשווינד, אז אפילו אברייסענדיג די קייטען און אנטלויפענדיג אין מיטען ים האט די שיף נישט אבגעראטעוועט איהרע זעגלען.

א דעפעשע אויס האמבורג דערצעהלט אז איין עקספארט-געשעפט האט בעקומען א ידיעה אויס קאראקקאס: די שטאדט סן-פיער איז אין גאנצען חרב געווארען. 40,000 איינוואהנער זענען אומגעקומען אין די פלאמען. נור 32 מאן זענען ארויס לעבעדיג. בערך 15 שיפען מיט די מענשען און לאדונג זענען פערפאלען געווארען. פיעל שיפען אין דער אומגעגענד זענען פערדארבען געווארען.

די אינזעל מארטיניקא, וועלכער איז ענטדעקט געווארען אין 1502 דורך קאלומבוס, איז צוזאמען מיט דער אינזעל גאדעלופ די רעשטען פון די אמאליגע פראנצויזישע לענדער אין אמעריקא. אין מארטיניקא וואקסט פיעל צוקער-ראהר אויף א שטח פון 50,000 קילאמעטער. דער עקספארט (ארויספיהרען) פון באנאנען, קאפעע, קאקאא, בוימוואלע, טאבאק בוימאטעריאל האבען צוזאמען מיט פיהצוכט געגעבען די איינוואהנער פרנסה בכבוד. דער קלימאט איז אויך זעהר געזונד און אנגענעהם. סן-פיער איז געוועזן א גרויסע האנדעלסשטאדט מיט הערליכע געביידען. די איינוואהנער זענען בעשטאנען פון 10,000 אייראפעער און פיעל נעגערן מילאטען און חינעזער.

אויך אויף די איבעריגע אנטילען-אינזלען האבען די וואולקאנען אנגעהויבען צו גיסען מיט פייער. די איינוואהנער אנטלויפען.

## ווי עס ווערען געדיכטע געמאכט.

מיר האט א בעזוכער געפרעגט
ווי ס'ווערען געדיכטע געמאכט:
ווי עס פאסט זיך און קלעפט זיך
ווי ס'וויקעלט זיך און וועבט זיך
און ס'פארט זיך צוזאמען
דאס ווארט מיט די גראמען,
און יעדער געדאנק
געפינט אזוי לייכט זיך

דעם פּאַסענדען קלאַנג,
און ס'בינדט אַזוי גלייך זיך
צום זינגן דאָס געזאַנג,
ביז אַלעם אין איינעם בעוועגט
דאָס הארץ מיט אַ זעלטענער מאַכט?

* * *

איך ווייס ניט, — האָב איך איהם ערקלערט —
פון וואַנען עס נעמט זיך די קראַפט,
וואָס גראַמען און ווערטער בעשאַפט;
נאָר דער, וועמען גאָט האָט בעשערט
די שענע געדאַנקען און זינען,
וועט גרינג שוין דעם מלבוש געפינען,
מיט וועלכע ער זאָל זיי בעקליידען;
ער ווייס שוין דעם אויסדרוק דעם רעכטען
אין קלינגענדע גראַמען צו פלעכטען,
און קונציג זיין מעטער צו וועבען
ביז ס'הויבט אָן צו אָטהמען און לעבען —
און וואָרט און געדאַנקען, ווי פליסען
צוזאַמען און קיינער קען וויסען,
ווער שענער עס איז פון זיי ביידען...

* * *

אַזוי ווי דער אויסדרוק פון מיידעלשע אויגען,
וואָס ווערט פּלוצלינג פרעהליך און פּלוצלינג בעצויגען
מיט וואָלקענס פון קומער —
אַמאָל לייכט ער און לאַכט ער
ווי ליכטיגער זומער,
אַמאָל ווערט ער פערטראַכטער,
אַמאָל ווערט ער אַ ווייכער, אַ מילדער,
אַמאָל ווערט ער אַ הייסער, אַ ווילדער,
אַמאָל קושט ער, אַמאָל שטויסט ער צוריק —
אַזוי ווי ווען דאָס טהעמאַ בעגייט זיך,
פערענדערט זיך תמיד און בייט זיך
דעם אמת'ן דיכטערס מוזיק...

* * *

אַמאָל לאָזט ער לאַנגזאַם זיך ציהען און האַלב פערחלומ'ט די ווערטער,
לאָזט די געדאַנקען זיך וויגען אין ווייכע און גלייכע דאַקטילען,
פּונקט ווי עס פלויצערט דאָרט ערגיץ אַ קוואַל אין פערבאָרגענע ערטער,
אונטער דעם שאָטען פון בוימער, געגלעט פון אַ ווינטעל אַ קיהלען
אָדער ווי ס'שיפט זיך אַ לאָדקע אין אַ אָווענד אום זומער,
אויבען די לבנה, און אונטען די שלאָפענדע וועלען אַרום איהר...
אַמאָל לאָזט ער נאָר פּלוצים אַרויס אַ געוויטער
פון ווערטער מיט אייזערנער מאַכט
און שיקט זיינע שטאָלצע געדאַנקען ווי ריטער,
וואָס רייטען געפּאַנצערט אין שלאַכט...

* * *

אַמאָל גיט ער זיינע ליעדער אָפּט
דעם בלויען שימער פון די שטערן,
די רוהע פון אַ קינד וואָס שלאָפט,
דעם זיסען קלאַנג פון פריידען־טרעהרען,
דעם דופט פון מאָרגענטהוי, וואָס פאַלט
אויף יעדע בלום און בוים אין וואַלד,
ווען ס'הויבט אָן זומער טאָג צו ווערען...

* * *

אָפּט מאָל רייהט ער זיינע קלאַנגען
אין אַ פרעהליך שנעלען מעטער,
אין אַ לוסטיג ווילדען כאָר,
ווי אַ מאָל פאַרצייטען פלעגען
זיך די טענצערקעס בעוועגען,
טאַנצענדיג מיט קרענץ בעהאָנגען,
און מיט די גרינע לאָרבער בלעטער
אין די שען צולאָזטע האָהר.

מיט מוזיק און מיט געזאַנגען
אויף דעם יום־טוב פון די געטער
און לכבוד גאָט־אַמאָר...

* * *

דאָך אָפּט אין דעם קלאַנג קענט איהר הערען
אַ שטילען געוויין,
איהר זעהט נור פערשלונגענע טרעהרען
אַליין...
איהר הערט ווי עס צאַפּעלט און ציטערט
דעם דיכטערס געמיטה —
עס זיפצט אַזוי קלעגליך פערביטערט
זיין ליעד...

* * *

אַזוי מוז ער שטענדיג פּאַסען
חתן־כלה'דיג פערקנסען
די בעפונונג און בעשיינונג
מיט דעם עיקר, מיט דער מיינונג,
מיט אַ לייכטער צוזבערהאַנד —
דען געדאַנקען גרויסע שלעפּען
אונגעלומפּערט זיך און קלעפּען
גלייך ווי אַרבעס אָן דער וואַנד,
ווען זיי זענען ניט בעהאַלטען
אין געהעריגע געשטאַלטען,
אין אַ פּאַסענדען געוואַנד...

* * *

אָבער ווערטער אָהן אַ זינען,
— אָדער ווען איהר קענט געפינען
דעם געדאַנקען'דיל דעם דינען,
נאָר איהם זוכענדיג מיט ליכט,
רייצען, קיצלען דעם געשמאַק נור,
ס'איז אַ לידיגער טיק־טאַק נור,
הוילע פודער אויף דער באַק נור,
וואָס פערדעקט אַ טויט געזיכט —
שענע פאַרבען, וועלכע בלאַנקען,
קענען אָבער שטאָט געדאַנקען
ניט בעשאַפען אַ געדיכט...

* * *

אַזוי האָב איך דאַמאָלס געענטפערט מיין גאַסט
זיין פראַגע, ווי ס'ווערען געדיכטע פערפאַסט...

דענווער, קאָלאָראַדאָ יהואש.

---

## עטוואָס איבער ליטעראַטור.

פון ר. ברײנין, בערלין.

עס איז אַ גאַנץ אַנדער וועלט געוואָרען, אַלעס ענדערט זיך. איין איצטיגער מענש האָט אַ גאַנץ אַנדער געשמאַק אין אַלעס: אין קליידער, פאַהרען, געהען און שטעהען. אויך אין לייענען האָט דער איצטיגער

מענש, אַ גאַנץ אַנדער געשמאַק. ער פערלאַנגט פון שרייבער עטוואס גאַנץ אַנדערס ווי אַמאָל. דער נייער געשמאַק האט געשאַפען אין דער ליטעראַטור די סקיצע.

וואָס איז דאָס פאַר אַ מין די סקיצע? באַלד וועל איך דעריבער רעדען.

אַ היינטיגער מענש, איך רעדט ניט פון די קליינשטעדטילדיגע און פון אַלטע בטלנים, האט ניט ליעב, אַז מען דרעהט איהם אַ קאָפּ מיט לאַנגע געשיכטען, ער האָט ניט קיין געדולד און אויך ניט קיין צייט דערצו, ער האָט אויך ניט ליעב, אַז מ׳זאָל צוקייט איהם, יעדעס פיצעלע און מע לעגט עס איהם אין מויל אַריין. אונז אַלעמען פעהלט ניט נור געלד, עס פעהלט אונז אויך צייט. מיר מוזען אַלעס ראַש, גיך, באַלד בעקומען. איין היינט־וועלטיגער מענש, ליעבט פון אַלעם דעם תמצית און דעם זאַפט. מיר זענען כמעט אַלע נערוועז, אונזער גייסט איז צוריסען און צופליקט אויף טויזענד שטיקער, און מיר זענען ניט אימשטאַנד צו לעזען אַ מעשה, וואָס ציהט זיך ווי פעך, אַ ראָמאַן וואָס האָלט פיער בענדער. אונז ווילט זיך אַלע וויילע עפּיס נייעס, גאַנץ פריש געבאַקענע געשיכטען, וועלכע מען קאָן אויף גיך מיט איין מאָל אַראַבשלינגען. און דערום הערשט איצט אין אַלע ליטעראַטורען די סקיצע. זי ווערט שוין איינגעפיהרט אויך אין דער זשאַרגאָן—ליטעראַטור. פרץ האָט געמאַכט די התהלה אין זשאַרגאָן און דוד פרישמאַן אין לשון־קודש.

אַזעלכע געצופּטע, צוקייטע און אויסגעצויגענע מעשיות ווי מיר האָבען ביי אונזערע אַלטע שרייבער, הערען אויף צו געפעלען דעם עולם. ביי די זשאַרגאָן־לעזער הויבט אויך אָן ווערען אַ אַנדערער אַ געזונדערער געשמאַק.

די קורצע שאַרפע סקיצע איז איצט דאָס בעליבטעסטע אין דער וועלט־ליטעראַטור. אַ סקיצע איז אַ קורצע ערצעהלונג, אַ קורצע שילדערונג פון עטוואס. אין אַ סקיצע קאָן מען איבער אַלעס אין דער וועלט דערצעהלען, שילדערן, אָבער דאָס מוז זיין גאַנץ קורץ, שאַרף און צוזאַמענגעדרענגט. אַ סקיצע איז אַ מין פערקלענערטעס בילד. דאָס גאַנצע געזיכט, אָדער דער גאַנצער קערפּער איז דאָ, אָבער אַלעס פערקירצט, פערקלענערט. די גאַנצע ערד מיט איהרע שטעדט צייכענט מען אויף אַ קליינעם גלאָבוס. קוקענדיג אויף דעם גלאָבוס האָב איך אַ פאָרשטעלונג פון דער גאַנצער ערד אויף וועלכער מיר לעבען, ווען איך לעז אַ סקיצע פון גיוּאַ דע מאָפּאַסאַן, פון טורגעניעוו, פון אירווינג אָדער קנוט האַמזון, זעה איך מאַנכעס מאָל אַ גאַנצע דראַמע אָדער טראַגעדיע פון אונזער לעבען. פיעל מאָל איז די סקיצע אַ מאָמענט־פאָטאָגראַפיע. זי גיט איבער דעם פרישען איינדרוק, וואָס דער שרייבער האָט בעקומען פון לעבען, פון מענשען, פון אַ לאַנדשאַפט, אויך פון חיות און עופות. דען עס איז ניט פאַרהאַן איין זאַך אין דער וועלט, עס איז ניט פאַרהאַן קיין רגע אין לעבען, פון וועלכע דער טאַלענטפאָלער שרייבער קאָן ניט שאַפען אַ סקיצע, אין וועלכער מיר זעהען אַלעס פון אַ גאַנץ אַנדער זייט און בעקומען אַ גאַנץ פרישען, נייען איינדרוק, — דעם איינדרוק וואָס דער שרייבער זעלבער האָט בעקומען און טריי געשילדערט. איין סקיצע דאַרף איך ניט לעזען שטיקליכווייז אין פיעל אָוועגדען, איך לעז זי דורך אין איין מאָמענט. איך לעז זי דורך, און איך שטעל מיר עס פאָר אין מיין פאַנטאַזיע. דער שרייבער זאָגט מיר ניט אַלעס, איך מוז פיעלעס אַליין טרעפען. ער גיט מיר, נור אַ ווינק און איך מוז אַליין מיט מיין שכל אַלעס פערשטעהן. מיר דאַכט זיך דעמאָלסט, דאס איך בין אַליין אַ

קינסטלער און העלף דעם שרייבער אויספיהרען, אויסמאָלען, וואָס ער האָט ניט דערזאָגט, ניט דערמאָלט.

איינער פון די בעסטע סקיצען־שרייבער איז דער ענגלענדער (זעהר פיעל זאָגען און שרייבען, דאָס ער איז אַ יוד. מיר שיינט, אַז דאָס איז אמת) רודהארד קיפּלינג (Rudhard Kipling). ער איז אין דעם אַ״ט אַ מין גאָון. ער שרייבט כמעט נור סקיצען. ער רייסט אָב איין סצענע פון לעבען, ער כאַפּט אַרויס איין טראָפּען פון אַ ים געשיכטען, ער צייכענט איין בליק, איין צוג פון אַ מענשען, איין שפּליטער פון אַ געדאַנק, ער מאָלט איין ליכטיגען שטראָהל פון דער זון, און מיר זעהען פאַר אונז אַ וועלט. ער מאַכט דאָס אַלעס געשיקט, פיין און קינסטלעריש. ער טרעפט אין פינטעל. ער געברויכט ניט איין איבריגעס וואָרט. ווען ער דאַרף מאַכען איין שטריך, מאַכט ער ניט צעהן. עס זענען פאַרהאַן קינסטלער, וואָס שרייבען אויף גאַנץ תהלים אויף אַ נ׳אַרבעס, וואָס מאָלען אויס דעם אייפעל־טהורם אויף אַ פינגערהיל. ווען איהר לעזט קיפּלינגס קורצע סקיצען, מאַכט איהר מיט איהם אַ רייזע דורך אינדיען, דורך מצרים, דורך ענגלאַנד און אַמעריקאַ. איהר זעהט און הערט זעהר פיעל, און האָט איבער וואָס נאַכצודענקען. ער האַלט אייך ניט אויף אין איין ווינקעל אַ צייט לאַנג. אייער איינענע וועלט ווערט גרעסער, אינטערעסאַנטער, רייכער און אויך טיעפער, ווען איהר לעזט זיינע סקיצען. ער מאָלט אין זיינע סקיצען מיט אַ גאַנץ ווייניג שטריכען מלחמה און שלום, ליעבע און טויט, ער מאָלט אונז דאָס מיטעלאַלטער און אויך אונזער לעבעדיגע צייט; ער מאָלט די ערד, די שטערן אין הימעל און דעם הימעל אַליין, ער מאָלט דעם ים און דעם מדבר, ער מאָלט דעם קערפער און דעם נפש, די נאַכט און דעם טאָג, מענשען און אויך חיות. ער שרייבט הונדערטער קליינע סקיצען, אין וועלכע ער שילדערט די חיות, דערהויפּט די העלפאַנטען. ער וויל ניט מוסר זאָגען, ווען ער שילדערט די חיות, ניט צוליעב אַ משל פאַר דעם מענשען שרייבט ער ערצעהלונגען פון זייער לעבען. איהם אינטערעסירט דאָס לעבען אַליין און אַלע זיינע ערשיינונגען אין אַלע זיינע מדרגות. און דאָס אַלעס האָט ער איינגעפּרעסט אין דער פאָרם פון סקיצען. אפילו זיינע גרויסע ראָמאַנען זענען נור אַ שנירל איינצעלנע פערל. יעדע פערל איז אַליין פאַר זיך, נור אויף איין פאָדעם זענען זיי צוזאַמענגעהאַנגען. איבערהויפּט שיינט איהם דאָס לעבען ווי צוזאַמענגעזעצט פון שטיקער. קיפּלינג געפינט, אַז דאָס אינטערעסאַנטעסטע אין מענשליכען לעבען, אין דעם מענשליכען מזל איז דוקא דאָס דונקעלע און אינערקלערליכע, דאָס פערווירטע און חלום׳האַפטע. ער איז דערינען אַ מענש פון דער היינטיגער וועלט. ער זעהט די העכסטע טראַגיק אין דעם, וואָס אין לעבען איז אַלעס אומגעדרעהט, מיט דעם קאָפּ אַראָב און אַזוי, אַז עס איז שווער צו געפינען די לאָגיק אין דעם שטענדיגען הו־האַ, און די גערעכטיגקייט אין דער אייביגער מלחמה, וואו אַלע שלאָגען אין ווערען געשלאָגען, שלינגען און ווערען פערשלינגען.

נאָך דעם אַז מ׳האָט געלעזען די סקיצען פון אַ קיפּלינג, פון אַלאַ האַנסזאָהן, פון העדענסטיערנאַ, פון אַנטאָן טשעהאָוו זעהט מען ווי אַלעס קאָן דיענען פאַר אַ טהעמאַ צו אַ סקיצע. וואו דער עכטער קינסטלער ניט זיך אַ קעהר, געפינט ער אינטערעסאַנטעס, געפינט ער וואונדער, פּאָעזיע און אַ שטיק לעבען אָדער נאַטור. היינע זאָגט, אַז אין יעדען קבר, וואו עס ליגט בעגראָבען אַ מענש, איז דאָרט אויך בעגראָבען די וועלט־געשיכטע. ד. ה. יעדער מענש, דער קלענסטער און אונגעבילדעסטער, לעבט דורך אין זיין איינענער פער־זאָן די גאַנצע וועלט־גע־

שיכטע. און דערום איז מיר שווער צו בעגרייפען ווי אזוי קומט דאס, דאס אונזערע זשארגאן שרייבער, וועלכע שרייבען סקיצען, — און צווישען זיי געפינען זיך אויך בענאבטע און טאלענטפאלע, עכטע קינסטלערישע נאטורען, — ווי קומט דאס, פרעג איך, דאס מייסטענס חאפען זיי זיך פאר דיזעלבע אלטע טעהמעס, דאס זייער וועלטיל איז אזוי קליין, אזוי ארים, איינער נעהט אין דעם וועג פון דעם אנדערען, איין שרייבער האפט שירים ביים צווייטען. איצט, למשל, איז געווארען א מאדע שרייבען פון חסידים'שען לעבען, שרייבען אלע כמעט אויף איין ארט. וויעדער און אבער די זעלבע חסידים. פרץ איז געוועזן דער ערשטער, וועלכער האט אנגעהויבען צו שילדערן די חסידים גאנץ איינענארטיג, אויף זיין דרך. ער האט געפונען פאעזיע אין זייער לעבען; ער האט זיי בעלייכט פון אזעלכע זייטען, וואס די פריהערדיגע שרייבער האבען דאס גאר ניט בעמערקט. אויף פרץ קוקענדיג האבען פיעל אנגעהויבען שילדערן דאס לעבען פון די חסידים, אבער דאס איז נור קאפירט, נאכגעמאכט, נאכגעטאנצט. קיין לעבען און קיין חסידים, אלעס אויף דערזעלבער מאניער ווי פרץ, נאר אהן זיין טאלענט. און פרץ אליין האט דאך נור איין פינטעל געמאלט אין חסידים'שען לעבען, און די לעצטע צייט ווידערהאלט ער זיך אויך צו פיעל און צו אפט. און וויפיעל ליגט נאך אונגעשילדערטעס, אונבעשריבענעס אין דעם לעבען פון די חסידים. און פאר וואס נור די חסידים, איז דען פארהאן וועניג מאטעריאל פאר סקיצען אין אלע ווינקעליך פון אונזער לעבען? אלעס ווארט אויף די האנד פון א קינסטלער.

מ'זאגט, דאס א יוד ווארפט זיך אויף אלע מלאכות און פרנסות, און א יודישער שרייבער פרופט אויך אלע גליקען אין דער ליטעראטור. היינט איז ער דאס און מארגען עטוואס אנדערש. איך גלויב, דאס עס איז ניט ריכטיג. א יוד איז ניט פיעלזייטיג. איהם פעהלט די ערפינדונגסקראפט, דאס זעלבסשטענדיגע. איין אייראפעער, בעזונדערס א אמעריקאנער פרופט אויס ווירקליך אלע פרנסות, אלע געשעפטען און ארבייטען, און יעדער זוכט עטוואס נייעס, אייגענעס. א יוד דרעהט זיך אין א ענגען קרייז, און פון איהם געהט ער ניט ארויס. אזוי איז אויך מיט אונזערע שרייבער: דעם נאכגעמאכט אדער יענעם. און וואו זענען זיי אליין? זיי שפארען זיך אויך איין אין א ענגען קרייז און טאנצען דארט ארום אויף איין א־ט. קיין נייע געדאנקען, קיין נייע טהעמען, קיין נייע פארם.

איך האלט פיעל פון שלום־עליכם'ס טאלענט. זיין טאלענט איז געזונד, אבער ניט פריש. אימער און ווידער בענוצט ער דיזעלבע טהעמען, דיזעלבע טיפען, דיזעלבע חכמות. שלום־עליכם מאכט נאך שלום־עליכם'ען. תמיד דיזעלבע פארם און דיזעלבע זאכען, און שטענדיג בעטראכט ער אלעס פון איין ווינקיל, פון איין זייט. איך לעז למשל, די סקיצען פון טשעכאוו —, און זיי זענען אונצעהליג —, און אין יעדער געפין איך עטוואס אנדערעס. ער לאכט אויך פון אלעס, אבער ווירקליך פון אלעס, ער לאזט איינעם ניט דורך. אין זיינע סקיצען איז א וועלט מיט מענשען, א וועלט מיט זאכען. יעדער נייער מאמענט, יעדע נייע ווענדונג שפיגעלט זיך אין זיי אב. שלום־עליכם איז פון דער נאטור זעהר בעגאבט און דערצו ווייס ער אונזער פאלקס־לעבען זעהר גוט, אבער ער ריהרט זיך ניט פון א־ט; ער וואקסט ניט מיט דעם לעבען. ער האט איין קאפול און אויף איהם מאכט ער אלע זיינע שיך. אלע איין מאס און איין פארם. וואס איך לעז איצט פון שלום־עליכם'ן, שיינט מיר שטענדיג, דאס איך האב דאס שוין נעכטען פון איהם געלעזען. און אין האב קיין טעות: ער האט דאס שוין באמת נעכטען געשריבען. אויסער דעם פעהלט איהם די מאס. עס שרייבט זיך, עס ווערטעלט זיך. א שארפען שטריך, א ווארט א בליטץ, א שפאגעל־נייע ווענדונג וועט איהר ביי איהם ניט געפינען. ווער למשל האט געלעזען איין בריעף פון מענדיל מיעהופעץ, — האט געלעזען אלע זיינע בריעף. שלום־עליכם האט נייז מאס רייד, און ער שיט זיי וואו מען דארף, און נאך עפטערס, וואו מ'דארף ניט. ער מיינט, דאס אלעס איז א חכמה, און צוליעב א וויטץ איז ער קאפאבעל אלעס צו פערדארבען אין זיינע בילדער.

און איך וויל דאך גלויבען, דאס אפילו אונזערע זשארגאנישע לעזער האבען אויך א רעכט, מ'זאל זיי בעהאנדלען ניט ווי קינדער, וועלכע לאכען פון אלעס, אפילו אז מ'שטעקט זיי אויס א צונג. אויך זיי פערדיענען מעהר אכטונג.

---

# ר' שלמה און זיינ'ע מעשה'ליך.

## I.

## דאנערשטאג ביי נאכט

עס איז געוועזען אויף דער פ־אווינץ דאנערשטאג ביי נאכט אין בית־המדרש.

אין דער היים מאכט מען שבת...

דער באק־אויוועז פלאקערט! ווי חוזק צו־מאכען אויס דעם ליכט און לאמפ, פליהען אלע מאל ארויס פון באק־אויווען פייערדיגע צינגען און טרייבען א ווילדען טאנץ איבער די ברודיגע ווענד און דער נאסע פאדלאגע...

ווייבער מיט פע־ריסענע קאפקעס, פערשארצטע ארביל און פלאמענדיגע אויגען לויפען ארום צווישען מולטער און טייג, אפאלקיס און זאלץ־ברעטליך ווי משוגע. אונטער די פיס קנאקט אייער־שאלעכטס, פישטשעט ציבעלע־שאלעכטס, שפריצט די בלאטע, טהייל מאל שיעסט אויס א פיש־פענכער... אין די הענד טאנצען טעלער און כלים...

עס ווערט שבת געמאכט!

עס ווערט געקנעטען, געפלאכטען; געקאכט און געבאקען, נאך מעהר געפלוכט און געשאלטען!

---

עס ווערט שבת געמאכט...

עלטערע בעלי־בתים אנטלויפען קוים מיט'ן לעבען אין די בעטען ארייז. צי מען שלאפט צי ניין, געדעקט איז מען איבער'ן קאפ און — שטיל ווי א מויז!

יונגע לייט חאפען א פאפלינק [1], טהייל מאל א קלאפ פון קאטשערע, און אנטלויפען אין בית־המדרש ארייז...

---

חברה פיהלט זיך פ־אנק און פריי...

זעלטען עמיץ זאל זיצען ווי א מענש, ווייל יעדערער האט זיין אייגענע ארט צו זיצען, איינער האלט פין אזיאטישע מנהגים און לעגט אונטער די קניה, א צווייטער פאהרט אויפ'ן אמעריקאנישען אופן מיט די פיס אויפ'ן טיש ארויף, א דריטער רייט מיט גדלות אויף דער אגלעהן פון באנק; איין אנדערער ציהט זיך גאר אויס איבער דער ברייט פון טיש...

---

[1] „פאד־פלאמיעניעץ" -- אויפ'ן פלאם געבאקענע טייגליך.

רוהיג זיצען איז אויך קיין שטייגער נישט אין בית־המדרש: מען וויעגט, מען שאקעלט זיך, מען מאכט מיט די הענד א ווינד־מיהל, מיט די פיס אלערליי פיגורען; דער קאפ שטעהט אויך נישט איין אויף איין ארט און אלץ איז איבערגעדעקט מיט א לייכטען נעפיל פון די דינטשיקע פאפיראסליך, וואס מען דערלאנגט זיך פון מויל צו מויל נור א שלעפ צו טהון!

און די פלעמליך פון עטליכע הלבנע ליכטליך, ארייננעזעצטע אין קארטאפעל אדער צונעקלעכטע צום טיש ציטערן; ווילד משונה־דיגע שאטען טאנצען ארום אויף ווענד און באלקען...

די ליכטליך דארף מען אפט שנייצען און דערצו זענען מיר שוין מייסטער געוועזען!

אנשפייען צוויי פינגער, ארא בהאפען א שנויץ, אבווישען די האנד אן פאלע, איז כהרף־עין; מען האקט זיך אפילו נישט איבער די רייד!

---

אין בית־המדרש, אייגענטליך, רעדט מען נישט, נאר מען שפארט זיך! אלץ איז א וויכוח!

יעדע זאך האט, געוועהנליך, איהרע עטליכע זייטען, און א הכרה'מאן האפט זיך אן אין איינע פון זיי ווי א הבֿ־מיתה'ניק אן די הערנער פון מזבח—נישט אבצורייסען!

און דער וויכוח איז א ווילדע זאך; אהן א פרעזעס, אהן א גלעקיל. ווער עס וויל, האפט דאס ווארט, רעדט וואס ער וויל, ווי אזוי ער וויל . . .

לאנג רעדט מען נישט! זעלטען עמיין זאל האבען אזוי פיעל כח און אנהאפען דעם גאנצען עולם ביי די פאות און מיטשלעפען מיט זיך אין זיין אייגען עולם־הדמיון אריין. געוועהנליך האקט מען באלד איבער: שוטה, שרייט מען, אדרבא!

וויפיעל מענשען, אזוי פיעל ברענעדיגע פאר אויגען לאקערן אויף דיינע ליפען, טאמער זאגסט דו א נארישקייט; אזוי פיעל מיילער זענען גרייט איינצושלינגען דיך מיט דיינע רייד—היט זיך! נאך איידער דו עפענסט דאס מויל פליהט א ענטפער—א שפיציג פער'סם'טע פייל, טהייל מאל גאר א נאס האנדטוך אין פנים אריין!

די זאך פון וואס מען רעדט, איז דעריבער נור א קאנווע אין א רעם. יעדערער האט זיך זיין נאדעל, זיין פאדעם און וועבט און שטיקט שנעל אריין ווי דער בליץ! די פערשיעדען־פארביגע פעדעם טרעפען זיך, בינדען, קניפען, רייסען זיך איבער, צולויפען זיך, טרעפען זיך ווייטער און קנוילען זיך צוזאמען, און אזוי נעדווערט עס, ביז עס גראהט דער בלאסער מארגען...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווען די בעלי־בתים זאלען געוועזען וויסען פון וואס מיר רעדען איבער אפענע גמרות, וואלטען זיי די וועלט פערברענט, וועניגסטענס דאס בית המדרש מיט די וואנצען צוזאמען...

איין ר' שלמה האט געוואוסט, נאר ער פלעגט זאגען: נר אלהים נשמת אדם, און דערמיט מענט איהר זוכען אין אלע פינסטערע ווינקעליך!

ווען גאט זאל עס נישט וועלען, וואלט ער אין קאפ נישט אריינגעלייגט א מה, נאר א צווייטע לונג־און־לעבער!

ר' שלמה איז איין אלמן אהן קינדער, איינער אליין, זיצט ער איבער די נאכט אין אונזער געזעלשאפט.

— עס שלאפט זיך נישט—זאגט ער—אין מיינע יאהרען.

אדער:

— וואס וועל איך דארט זיצען איינער אליין און גריבלען.

און טהייל מאל איז ער מודה, אז ער האט מורא פאר'ן שלאף.

— שלאפען איז שטארבען—נאך ערגער: מען מוז נאך אויפשטעהן, ארומגעהן א טאג און ווייטער שטארבען...

בעסער וועט ער הערען, וואס יונגע לייט רעדען. ער וויל זעהן,— זאגט ער—דעם זאמען און וויל וויסען וואס עס וועט וואקסען נאך זיין טויט...

ארייננמישען וויל ער זיך נישט.

— זוכט אליין, יונגע לייט, אייער וועג. בלאנדזעט איהר, — שאדט נישט. די פרייד, אז איהר וועט דעם רעכטען וועג געפינען, וועט דערפאר גרעסער זיין.

און שטילערהייט גיט ער צו:

אויב עס איז נאר פארהאנען דער רעכטער וועג!

נאר אז אונזער וויכוח ווערט צו שארף, צו פלאמענדיג, איבער־הויפט, אויב עמיצינס א שוואכע האנד וויל קומען צו הילף דער שוואכער צונג, דעמאלט מישט זיך ר' שלמה אריין; גיט א קלאפ אין טיש אריין, דער עולם בלייבט שטיל און ער דערצעהלט א מעשה'לע.

בעמערקט האבען מיר, אז דאס מעשה'לע, וואס ר' שלמה דער־צעהלט,ווארפט נור א ליכט אויף די היינטיגע לאגע, אויפ'ן היינטיגען טאג, און ענטפערט קיינמאל נישט אויף די פראגע: וואס דארף מען טהון? וואס וועט מארגען זיין?

אויף אזוינע פראגען ענטפערט נישט ר' שלמה, ער וויל נישט טרעפען, וואס שפעטער וועט זיין, און קיין רעצעפטען פערשרייבט ער נ י ש ט.

— איך בין, — זאגט ער—קיין נביא, און, להבדיל, קיין פעלד־שער נישט.

ל. פרץ.

---

## נ ד ב ו ת:

### פיר דעם יודישען נאציאנאל־פאנד

(דורך דער אדמיניסטראציאן „דער יוד", קראקוי).

| | ק' ר'. |
|---|---|
| ע"י ה' יעקב גורשטעל בטעלעהאני (מ. טיראק 1 ר'; גורשטעל, דאלינקי, קאפלאן, אגולניק, פאפוש, באבראוו, כ"א 50 ק'; פיאלקאוו, גורשטעל כ"א 40 ק'; ראזינבוים, סטאלאר, ורבקה צערניכאוו כ"א 30 ק'; באסעווין, באקעלמאן, סקאפע, פייערשטיין, קאלאדני, גרינבערג, ראגאטנער וגלעוויצק, כ"א 25 ק'. ועוד מאנשים שונים). בס"ה | 12 90 |
| מאת ה' ש. דאבקין קרעמענצוג | 2 — |
| ע"י ה' צבי כהנא ברדיטשוב מה שאסף על חתונת ה"ה קיטליער וטשערוואנסקי ע"י העלמה באזי ברין | 2 65 |
| ומה שנאסף על משתת האירושין של ה' א' קאזאראוויצקי | 6 15 |
| ועל התונת ה' יצחק בליכמאהן (אנ"ב פארטא) | — 30 |
| ע"י ה' אליהו בערלינערבוי נאסף בליל פורים מחברי האגודה „נס ציונה" | 1 70 |
| ה"ה קארעטני, חאוויס, גרינבערג, בלאנק, פרענק, אקערמאן ופרימקעס עלו לתורה בחג הפסח ונדבו | 4 85 |
| בשביעי של פסח אספו ביניהם הציונים בראדאמיסל בבית חברם ה' פעקאר | 2 20 |
| נאסף על משתה הפורים אצל ה' שמואל יעקב בודקא בדראבין (מאת אלימלך טחארעק 50 קאפ'; פנחס בורשטין, שרגא רישאוו, דוד צעכאנאיוער, יצחק מאיר גאלדוואסער והמאסף כ"א 30 קאפ'). בס"ה | 2 — |
| | 34 75 |

חברת „השחר" קראקא 1,60 קר'; ה' מענדל פאם בקראקא נדר בביהכ"נ 2 קראנען, ס"ה 3,60 קראנען.

צוזאמען מיט פריהערדיגע 277,82; 24,45 קראנען.

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Redacteur M. Berkowicz. Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer, Krakau

## בריעפקאסטען דער אדמיניסטראציאָן

אבאָנענטען נו׳ 6129 — חאמוטצי פֿון נו׳ 2402 — לעאַווא: „דער יוד“ מיט „פאמיליע“ צוזאַמען (מיט פּאָרטאָ) קאָסט 6,50 רובעל. איהר האָט געשיקט צו 6 ר., ביטטע נאָך צו 50 קפּ.

נו׳ 4421 — חארקאָוו: די „וועלטגעשיכטע“ וועט איהר בעקומען אין קורצען.

ה׳ מ. מ. — פּאָלאָנע: אייער שיר האָט די רעדאקציע נישט אָנגענומען.

ה׳ ה. ס. — לאָדז: מיר פֿערשטעהען אייער דייטש נישט, שרייבט — יודיש.

נו׳ 2682 — ווינניצא: מיט פארטאָ קאָסט די „פֿאמיליע‘ 1,50 ר׳, אלזאָ נאָך 50 ק׳.

ה׳ י. פ. — שאצק: „פֿאָלקסגעשיכטע“ געבונדען מיט פּאָרטאָ קאָסט 2,80 רובעל, אלזאָ אויף דעם „יוד“ בלייבט נאָר 4,30, ביטטע די איבריגע 70 ק׳.

נו׳ 3167 — סנאָווסק: ביטטע פיר דער „פֿאמיליע“ נאָך 75 ק׳ צו שיקען.

ה׳ י. ב. ס—קי גאָלדינגען: צו דיביידע עקזעמפלארען האָט איהר נאָך צושיקען 1 ר׳ אם 1-טען אויגוסט.

ה׳ י. א—וויץ שקודי: פֿון 25 עקזעמפלאַרען וועט איהר בעקומען 20%. דעם פרייז פֿון אלע 3 טהייל, ברוטטא, איז 1,50 ר׳.

נו׳ 4386 — פעטראקאָווקא: די אדרעססע איז: מאריאנסקא נו׳ 2.

נו׳ 6059 — וועקשני: איהר האָט געשריעבען סתם „די צייטונג“ אין איהר האָט צוגעזאהל נישט געשריעבען אין וועלכער שפראַך. עס לאָזט זיך שוין אלזאָ נישט ענדערן.

נו׳ 2153 — זאמאָשץ: ביטטע צו שיקען 2,70 וועט איהר בעקומען די געוואונשטע נומערן מיט דעם באַנד.

נו׳ 4543 — פּאָנאָרעלצי און נו׳ 2657 — זאמאָשץ: איהר וועט די לעצטע 2 בענדער גאנץ אין קורצען בעקומען.

נו׳ 4908 — גראָדנא: ביטטע 15 קפּ׳; די אנדערע 2 בענדער וועט איהר בעקומען אין קורצען.

ה׳ לעווין — אילינא: וועלכע ליעדער?

נו׳ 4540 — ווינניצא: איין רעקלאמאציע יעצט אויף דעם „פורים־נומר“ קענען מיר נישט אננעהמען; דער „פסח־בלאַט“ עקזעמפלארנס איז מעהר נישטאָ און ער ווערט נישט מעהר איבערגעדרוקט.

ה׳ ה. ר. זאמאָשץ: נישטאָ מעהר; ביטטע צו שרייבען אויף וואָס די 30 ק׳ צו פערווענדען?

ה׳ י. צ. — דווינסק: מיר דאנקען אייך זעהר; מיר זענען זיכער אז איהר זייט נישט דער איינציגער וועלכען „דער יוד“ געפעלט אזוי זעהר.

ה׳ מ. א. — ניעזין: ביטטע צו שרייבען וואָס צו טהון מיט די 37 ק׳; דאָס „בלאַט“ ערשיינט נישט מעהר.

# אלבום

## ציורים מכתבי הקדש.

באלבום הנחמד הזה, שאין דוגמתו בספרתנו, נמצאים חמשים ציורים נהדרים מציירים מפורסמים אנגלים, צרפתים ואשכנזים מתורה, נביאים, כתובים וכתובים אחרונים בסדר דברי הימים לבני ישראל. כל ציור וציור מבואר מתחתיו במקורו כתנ"ך.—ונמצאו המקורים מתורגמים לשפות רוססית או פולנית או אשכנזית לחפץ הקונה. — האלבום הזה ראוי לתתו בתור תשורה לנערי ישראל לגדולים ולקטנים וגם כעזר בלמוד התנ"ך. 539

מחירו 85 ק׳ עם המשלוח. בכריכה יפה 1 ר׳ ובכריכה מהודרה לתכלית היופי 1.20. למורים, למו"ס ולסוכנים הנחה הגונה!

Книжный магазинъ и библіотека А. Цукермана, Варшава Налевки 7. Verlagsbuchhandlung A. Zuckermann, Warschau, Nalewki 7.

---

## נחוץ מורה שפת עבר

לחדר מתוקן, שיש לו הזכות לגור בסיביר עם תעודות טובות. משכרתו 800 רו"כ לשנה.

לפנות לה׳

И. Гершгорнъ Стрѣтенскъ
538 Сибирь.

---

**Меблированн. комнаты**
Дикая 3.

מיינע מעבלירטע צימערן זענען ניי אויפגעפרישט, גערוים און שען איינגעריכטעט. די בעדיענונג איז ווי אם בעסטען. נעהם אויך אן פערשיעדענע קאמיסיאנען.

יצחק מאשעוויצקי, ווארשא
530 דזיקא נומר 3,

---

**Новооткрытые „Московскіе Номера"**, комфортабельно устроенные съ образцовой прислугой. При номерахъ домашній ресторанъ. Цѣны отъ 50 к. до 3 руб. за номеръ. Х. Мосевицкій, Варшава ул. Новолипки 10, противъ 2-ой Гимназіи. 419

---

485 Рекомендуется
**комфортн. гостинница**
**„ВИКТОРІЯ"**
ЯКОВА ФАЙНШТЕЙНА
**въ г. Кобринѣ** гродн. губ.
Номера совсѣми удобствами и по умѣреннымъ цѣнамъ.

---

## СПЕРМАЦЕТОВАЯ ЖИРНАЯ ЛИЧНАЯ ПУДРА.

приготовлена въ Лабораторіи А. ЭНГЛУНДЪ.

Спермацетовая жирная пудра превосходитъ своими достоинствами всѣ рисовыя и висмутовыя пудры: она не сушитъ кожу лица, плотно прилегаетъ, незамѣтна при дневномъ свѣтѣ и уничтожаетъ жаръ и красноту.

Цѣна за коробку 60 коп. съ пересылкою не менѣе 3-хъ коробокъ 2 р. 25 коп.

**Завѣдующіе Лабораторіею Докторъ В. К. Панченко и А. К. Энглундъ.**

Для предупрежденія поддѣлокъ прошу обратить особенное вниманіе на подпись А. ЭНГЛУНДЪ, красными чернилами и марку С.-Петербургской Косметической Лабораторіи, которыя имѣются на всѣхъ препаратахъ. Получать можно во всѣхъ лучшихъ аптекахъ, аптекарскихъ, косметическихъ и парфюмерныхъ складахъ Россійской Имперіи. Главныя агентства и склады фирмы для Европы: Эмиль Беръ, Гамбургъ; для Южной и Сѣверной Америки: Л. Мишнеръ, Нью-Іоркъ. Главный складъ для всей Россіи А. ЭНГЛУНДЪ, С.-Петербургъ, Бассейная ул. № 27.

---

# UBEZPIECZENIE POSAGÓW.

Towarzystwo Ubezpieczeń „ROSSYA" wypłaciło tytułem sum posagowych ubezpieczonych dla dziewcząt

| | | | |
|---|---|---|---|
| za czas od 1888 do 1892 r. dla | 108 | dziewcząt | 226,100 rub. |
| „ „ „ 1893 „ 1895 „ „ | 326 | „ | 710,600 „ |
| „ „ „ 1896 „ 1898 „ „ | 822 | „ | 1,694,300 „ |
| „ „ „ 1899 „ 1901 „ „ | 1,562 | „ | 3,087,300 „ |
| W dniu 1 stycznia 1902 r. ubezpieczone posagi dla | 29,742 | dziewcząt wynosiły | 50,311,3000 „ |

**Ubezpieczenia posagów Towarzystwo zawiera na sumy od Rub. 500 do 200,000.**

Deklaracye na ubezpieczenia przyjmuje i wszelkich informacyi udziela Centralny Zarząd w Petersburgu (ulica W. Morska 37, dom własny), jak również Oddział w Warszawie (Marszałkowska Nr. 124, dom własny) i agenci Towarzystwa we wszystkich miastach Państwa.

534

---

ACTIEN-GESELLSCHAFT DER METALLWAAREN-FABRIKEN

**Konrad, Jarnuszkiewicz & Co.**

St. PETERSBURG, GR. MORSKAJA, № 15.
(Telephon 2673.)

MOSKAU. Б. Лубянка, д. Стр. Общ. Россія

WARSCHAU. Грибная ул. 19 соб. домъ